ביבליאטעק „גרינינקע ביימעלעך"
רעדאַקטירט פון ש. באַסטאָמסקי

לויט – סטאַל, יִידיש – העלענע כאַצקעלס

# די זילבערנע גליטשערס

פאַרלאַג „נַײע יִידישע שול"
ווילנע ○ ○ ○ ○ ○ ○ 1938

ביבליאָטעק „גרינינקע ביימעלעך"
רעדאַקטירט פֿון ש. באַסטאָמסקי

לויט - סטאַל, ייִדיש - העלענע כאַצקעלס

# די זילבערנע גליטשערס

פֿאַרלאַג „נײַע ייִדישע שול"
ווילנע ○ ○ ○ ○ ○ ○ 1938

# האַנס און גרעטעל.

אַ שיינער ווינטערדיקער פֿרימאָרגן. אויפֿן ברעג פֿון אַ פֿאַר־פֿרוירענעם קאַנאַל אין האָלאַנד זיצן איינער אַנטקעגן דער אַנדערער אַ ייִנגל און אַ מיידל. ביידע זײַנען אָנגעטאָן אָרעם. זיי טוען עפּעס.

די זון איז נאָך ניט אויפֿגעגאַנגען, אָבער איין זײַט הימל איז שוין פּורפּור־רויט.

די האָלענדער שלאָפֿן נאָך.

גאָלד באַווײַזט זיך אַ יונג פֿויעריש מיידל. אויפֿן קאָפּ האַלט די אַ קאָרב. זי איז אין גליטשערס און טראָגט זיך פֿלינק איבערן גלאַטן אײַז פֿון קאַנאַל. איר אַנטקעגן לויפֿט, אויך אין גליטשערס, אַ דיקער ייִנגל. ער באַגריסט זיך מיט איר גאָר פֿרײַנדלעך.

אָבער וואָס טוען ביידע קינדער, וואָס זיצן אויפֿן ברעג פֿון קאַנאַל? וואָס זײַנען זיי אַזוי אײַנגעבויגן?

זיי האַלטן עפּעס אין די הענט שטיקלעך האָלץ מיט לעכלעך. דורך די לעכלעך זײַנען דורכגענומען רימענדלעך. זײַנען דאָס גליטשערס? יאָ, געווים. זייער מוטער איז זייער אָרעם. זי קען זיי קיין אמתע גליטשערס ניט קויפֿן. האָבן זיי זיך געמאַכט הילצערנע גליטשערס.

אָט האָט שוין דער ייִנגל צוגעבונדן די העלצלעך צו די פֿיס. ער הייבט זיך אויף און גיט זיך אַ לאָז איבערן אײַז.

זײַן שוועסטערל, וואָס איז מיט עטלעכע יאָר ייִנגער פֿון אים, קען זיך אויף די גליטשערס ניט האַלטן. נעכטן האָט זי זיך מיט די רימענדלעך אָנגעריבן אַ פֿוס, איצט טוט איר וויי דאָס אָרט, און זי קען ניט צובינדן די רימענדלעך. זי וויל צובינדן העכער פֿון דעם אָרט, וווּ ס׳איז אָנגעריבן, אָבער די רימענדלעך זײַנען צו קורץ.

האַנסן ווילט זיך טראָגן איבערן אײַז אַלץ ווײַטער און ווײַטער, אָבער די שוועסטער בעט זיך, ער זאָל איר העלפֿן צובינדן די רימענדלעך. ער קומט צו צו איר און וווּנדערט זיך, וואָס זי האָט אָנגעטאָן די אַלטע שווערע שיך. אָבער ער דערמאָנט זיך באַלד, אַז דער פֿאָטער האָט אַרײַנגעוואָרפֿן גרעטעלס נײַע שיך אין פֿײַער. האַנס האָט רחמנות אויף זײַן קליין שוועסטערל, בויגט זיך אײַן און בינדט איר צו די רימענדלעך, די פֿיס זאָלן איר ניט וויי טאָן.

ער נעמט אראָפּ זײַן היטל פון קאָפּ, רײַסט אויס דעם אונטער־שלאַק, מאַכט דערפון אַזוי ווי אַ קישעלע און לייגט דאָס אונטער אונטערן רימענדל.

אין אַ מינוט אַרום האָבן זיך האַנס און גרעטעל שוין געהאַלטן פאַר די הענט און זײַנען פריילעך געפלויגן איבערן אײַז.

האַנס האָט זיך עפּעס אָנגעשטויסן אויף ניט קיין גלאַטן אָרט און זיך אויסגעצויגן אויפן אײַז, ווי לאַנג ער איז געווען.

גרעטעל איז מיט אַ געלעכטער אַוועקגעלאָפן ווײַטער. זי איז געווען לײַכט און פלינק ווי אַ פויגל, און האַנס האָט זי אַזוי גיך ניט געקענט דעריאָגן. זי האָט זיך אָבער אַליין אַ קירעווע געטאָן אויף צוריק דעם ברודער אַנטקעגן. ער האָט זי אָנגעכאַפּט.

זי האָט זיך פריילעך געריצט מיט אים:

— ניט דו מיך, נאָר איך האָב דיך געפאַנגען.

דערווײַלע איז אויפגעגאַנגען די זון. די לופט איז געווען פריש. עס האָט זיך אַזוי לײַכט געאָטעמט. אויפן קאַנאַל האָבן זיך באַוויזן אַ פולע מענטשן, אַלע אין גליטשערס.

— האַנסו גרעטעלו — האָט זיך דערהערט פון ווײַטן.

— דאָס רופט די מוטער — האָט האַנס געזאָגט.

ביידע קינדער האָבן זיך אַוועקגעאײַלט אַהיים.

האַנס איז שוין פופצן יאָר אַלט. ער איז אַ שטאַרקער, מיט ברייטע פּלייצעס. זײַנע האָר זײַנען בלאָנד. די שוואַרצע אויגן לויכטן מיט גוטסקייט.

גרעטעל איז מיט אַ קאָפּ נידעריקער פון ברודער. זי איז שלאַנק און באַוועגלעך. די בלויע אויגן פינקלען, די באַקן פון ווײַסן לענגלעכן פּנים רויטלען זיך, ווען מע קוקט אויף איר.

די קינדער האָבן באַלד דערזען זייער הײַזל.

לעבן דער טיר איז געשטאַנען די מוטער — אַ הויכע, אין אַ קורצן קליידל מיט אַ קאַפּטל; אויפן קאָפּ — אַ הויב, ווי עס טראָגן די האָלענדישע פרויען.

•

איר האָט געוויס געהערט וועגן האָלאַנד. דאָס איז אַ וווּנדער־לעך לאַנד, ווו די מענטשן הערן ניט אויף צו קעמפן מיטן ים.

האָלאַנד אָדער נידערלאַנד איז פלאַך, זומפּיק. קיין איין בערגל פאַרשטעלט עס ניט פון ים. דערפאַר קען טאַקע דער ים מיט זײַנע צעבושעוועטע כוואַליעס פאַרגיסן דאָס לאַנד. פעלדער, גאַסן און אַפילו גאַנצע דערפער און שטעט פאַרוואַנדלען זיך מיט אַ מאָל אין אָזערעס.

און מענטשן קענען דאָ לעבן נאָר א דאַנק דעם, וואָס זיי האָבן אויסגעבויט אויפן ברעג פון ים הויכע און שטאַרקע ווענט אָדער דאַמבעס, וואָס צאַמען אָפּ די ערד פון ים. איבערן גאַנצן לאַנד האָט מען אויסגעגראָבן טיפע קאַנאַלן, און אין זיי קלייבט זיך צוזאַמען דאָס וואַסער פון די זומפּן און גיסט זיך אין ים אַריין.

אזוי האָבן די מענטשן דאָ א צווייפיקע אַרבעט: ניט דערלאָזן, דער ים זאָל זיך אַריינרייסן אין לאַנד, און אַרויסטרייבן דאָס איבעריקע וואַסער פון די זומפּן, טייכלעך און אָזערעס אין ים אַריין.

די ווענט אָדער די דאַמבעס מוזן זיין הויכע, די כוואַליעס זאָלן זיך ניט אַריבערגיסן איבער זיי און אין זיי.

אין די דאַמבעס מוזן זיין טויערן, וואָס לאָזן אַרויס דאָס איבעריקע וואַסער אין ים אַריין. מע דאַרף נאָר גוט צופּאַסן די צייט, ווען צו עפענען און ווען צו פאַרמאַכן די טויערן.

די קאַנאַלן זיינען וועגן. זומער שווימען אויף זיי טויזנטער באָטן, שיפלעך און דאַמפּפערס.

אין די שטעט ציען זיך די קאַנאַלן צווישן די הייזער אזוי ווי גאַסן.

ווען איר וועט קומען קיין האָלאַנד, וועט איר זיך וווּנדערן אויף די גרויסע ווינטמילן, וואָס איר טרעפט אזוי אָפט אין אַלע טיילן פון לאַנד. דער ווינט, וואָס בלאָזט דאָ פריי און פראַנק איבער דעם פלאַכן לאַנד, דרייט די מעכטיקע פליגלען פון די מילן, און אזוי פּאָמפּעט מען אויס דאָס וואַסער פון די זומפּן און אָזערעס און מע טרייבט עס אין ים אַריין.

---

צווייטער קאַפּיטל.

## ראַף ברינקער.

ראַף ברינקער—אזוי האָט געהייסן די קינדערס פאָטער. ער האָט געדינט ביי א דאַמבע. פלעגט אָפּהיטן, מע זאָל באַצייטנס עפענען און פאַרמאַכן די טויערן, פלעגט אויפּפּאַסן, אין דער דאַמבע זאָלן ניט זיין קיין שפּאַלטן, קיין לעכער.

איינמאָל אין א שטורעמנאַכט איז ראַף ברינקער געשטאַנען אויף זיין פּאָסטן. ער איז געווען זייער א מוטיקער מענטש. דערפאַר האָט מען אים אויסגעשטעלט אויפן געפערלעכסטן אָרט. דער שטורעם האָט געבושעוועט. ער האָט געקענט צעשטערן די דאַמבע און אָנמאַכן די גרעסטע צָרות. ראַף ברינקער איז טריי געשטאַנען אויף זיין פּאָסטן און האָט אָנגעפירט מיט דער אַרבעט. מע האָט געדאַרפט פאַרשטאַרקן די וואַנט

מיט א מאָל האָט זיך א שאָט געטאָן די ערד אונטער אים. מע האָט אים אויפגעהויבן און געבראַכט אהיים אָן באַוווסטזיין.

ער איז געבליבן לעבן, אָבער ער האָט פאַרלאָרן דעם זיכּרון און איז געוואָרן צעמישט.

גרעטעל איז נאָך דאַן געווען גאָר א קליין קינד. און ציַיט זי איז צום שכל געקומען, געדענקט זי דעם פאָטער שוין א קראַנקן. שטענדיק שוויַיגט ער און דער בליק זיַינער איז א בייזער, א פינצטערער. האנס אָבער געדענקט נאָך דעם פאָטער א געזונטן, א היימלעכן: דעם קליינעם האנסן פלעגט ער ליב האָבן אַרומצוטראָגן אויף די פּלייצעס און דערביַי זינגען פריילעכע לידער.

נאָך דעם אומגליק איז פרוי ברינקער געווען די איינציקע שפּיַיזערין פון דער פאַמיליע. זי פלעגט שטריקן, שפּינען, פאַרקויפן די גריַנס פון איר קליינעם גאָרטן. זי פלעגט זיך אָנדינגען אויף די גרויסע באַטן, וואָס ציִען זיך איבער די קאַנאַלן און טאָן אויף זיי די שווערסטע אַרבעט. אמאָל פלעגט זי זיך איַינשפּאַנען צוזאַמען מיט נאָך אזוינע אָרעמע פרויען ווי זי און מע פלעגט צוזאַמען שלעפּן פאַר א גראָבן שטריק די אָנגעלאָדענע באַטן איבער די קאַנאַלן צווישן בריאַק און אמסטערדאַם.

ווען האנס איז אונטערגעוואַקסן, האָט ער איבערגענומען די שווערסטע אַרבעט אויף זיך. דעם פאָטערס צושטאַנד האָט זיך פאַרערגערט, און מע האָט געמוזט אים גוט אויפפּאַסן. ער איז געווען נאַריש ווי גאָר א קליין קינד. מע האָט געמוזט אים אָנטאָן, באַהאַלטן פון אים א מעסער, א שפּיזל. ער האָט זיך געקענט אויסשטעכן אָן אויג.

פרוי ברינקער פלעגט מיט טרערן אין די אויגן דערמאָנען אירע קינדער, סאַר א שטאַרקער, סאַר א גוטער און פריילעכער זייער פאָטער איז געווען.

די מוטער האָט מורא געהאַט, די קינדער זאָלן ניט פאַרלירן די אַכטונג צום פאָטער.

די קינדער האָבן זייער פיל געהאָלפן דער מוטער. זיי פלעגן ברענגען און אָנגרייטן טאָרף צו הייצן אויף ווינטער.

האנס פלעגט אָנטריַיבן פערד, וואָס פלעגן שלעפּן שווערע באַטן. גרעטעל פלעגט פיטערן גענדז ביַי די אַרומיקע פויערים.

האנס האָט זיך אליין אויסגעלערנט שניצן די שענסטע זאַכן פון האָלץ. ער האָט זיך גוט פאַרשטאַנען אויף א סאָד און גאָרטן. ער האָט געקענט אָפּזיצן שעהנלאַנג אויף איין אָרט פאַרטיפט

אין אַן אַרבעט. דערפאַר איז ער אויך געווען דער בעסטער שילער אין שול, און די קינדער, וואָס האָבן פריִער אָפּגעלאַכט פון זײַנע לאַטעס אויף די קליידער און פון די הילצערנע שיך, האָבן שפּעטער זייער געהאַלטן פון אים.

מער נישט ווינטער האָבן האַנס און גרעטעל געקענט גיין אין שול. אָבער ווען דעם פאָטער איז געוואָרן ערגער, האָבן זיי אַפילו ווינטער געמוזט בלײַבן אין דער היים העלפן דער מוטער.

אין דעם קאַלטן ווינטער-פרימאָרגן, ווען האַנס און גרעטעל זײַנען אויף זייערע הילצערנע גליטשערס געלאָפן אַהיים, האָט זיך פאַרבײַ זיי פאַרבײַגעטראָגן אַ פריילעכע קאָמפּאַניע יינגלעך און מיידלעך. זיי זײַנען געווען אָנגעטאָן אין פאַרביקע מאַנטלעך. זייערע שטאָלענע גליטשערס האָבן געבלישטשעט אויף דער זון. פון ווײַטן האָבן זיי אויסגעזען ווי שיינע גרויסע בלומען.

---

## האַנס און גרעטעל געפינען אַ גוטן פרײַנד.

צווישן דער היימלעכער קאָמפּאַניע גליטשערס איז געווען הילדע וואַנגלעק אין אַ טײַערן פעלץ. לעבן איר — אַניע בוימאַן אין אַ קאַפּטעלע פון רויטן טוך. דאָ איז אויך געווען די שטאָלצע ריש-קאָריעס, וואָס איר פאָטער איז געווען זייער אַן אָנגעזעענער מאַן אין אַמסטערדאַם.

פון די יינגלעך זײַנען דאָ געווען קאַרל שומעל, צוויי ברידער וואַנכאָלפּ, יאַקאָב פּאָאָט און נאָך אַ צוואַנציק יינגלעך און מיידלעך.

אַלע האָבן געשטיפט און געלאַכט. געטראָגן האָבן זיי זיך מיט דער גרעסטער גיכקייט. די מיידלעך האָבן זיך לאַכנדיק גענומען פאַר די הענט און ניט ווילנדיק פאַרשטעלט דעם וועג עטלעכע וויכטיקע דורכגייער. וואָס וועטער זיי זײַנען געלאָפן, אַלץ מער מענטשן האָבן זיי באַגעגנט. אַלע זײַנען גלוען אין גליטשערס: אַרבעטער מיט אויסגעמאַטערטע פּנימער, הענדלערקעס מיט קערב אויף די קעפּ, קינדער מיט רענצלעך אויפן רוקן.

באַלד האָט זיך אונדזער פריילעכע קאָמפּאַניע אָפּגעשטעלט אַפּרוען אַ ווײַלע. זיי האָבן אַרומגערינגלט אַ קליין מיידל. קאַטרינקע האָט זי געהייסן. אַלע האָבן איר גענומען מיטאַמאָל דערציילן, אַז דעם 20-טן דעצעמבער וועט פאָרקומען אַ גרויס געוועט אויף גליטשן זיך. פאַרן בעסטן גליטשער איז באַשטימט אַ פּריז — זילבערנע גליטשערס: איין פּאָר מיט אויסגעקריצטע גלעקעלעך — פאַר אַ מיידל, און איין פּאָר מיט אויסגעקריצטע פײַלן — פאַר אַ יינגל.

דאָס געוועט אָרדנט אײַן פרוי וואַנגעלעק אין איר געבורטס-טאָג. די גאַנצע קאָמפּאַניע וועט מען צולאָזן צום געוועט, און עס וועט זײַן אַזוי פריילעך.

דערווײַלע האָט גענומען קלינגען אַ גלאָק. דאָס איז געווען דער שולגלאָק. און אַלע זײַנען געלאָפן אין שול אַרײַן.

אויף דער גרויסער הפסקה האָבן זיך ווידער אַלע אַרויסגעשאָטן אויפן אײַז. האַנס און גרעטעל זײַנען דאָ אויך געווען אויף זייערע העלצלעך. איינער פון די רײַכע יינגלעך האָט זיי באַמערקט. דאָס איז געווען קאַרל שומעל. ער האָט שפּאָטיש געזאָגט צו הילדע וואַנגעלעק:

— קוקט זיך אײַן, הילדע, אויף דאָס פּאָרל, סאַר אַ שטאַטעס זײַ טראָגן! און די גליטשערס זײַערע מוזן זײַן אַ מתּנה פון קייסער אַליין...

אויף־דעם האָט אים הילדע זײַער ערנסט געענטפערט:

— דאָס מוזן זײַן זײַער אָרעמע קינדער, און סאַר אַ געדולד מע דאַרף האָבן, זיך אויסצושניצן אַליין גליטשערס פון האָלץ.

קאַרל האָט זיך פאַרשעמט, און הילדע האָט זיך אָפּגעקערט פון אים.

אין אַ מינוט אַרום איז זי שוין געשטאַנען לעבן גרעטלען.

— ווי רופט מען אײַך? — האָט זי געפרעגט.

— מיך רופט מען גרעטעל, און מײַן ברודער — האַנס.

— אָבער, מײַן קליין מיידעלע — האָט הילדע געזאָגט — ווי פאַרפראָרן איר זײַט! איר האָט זיך געדאַרפט אָנטאָן וואַרעמער.

— איך בין גאָר ניט קיין קליין מיידעלע — איז גרעטעל רויט געוואָרן — איך בין שוין צוועלף יאָר אַלט.

און מיר איז פערצן — האָט הילדע געזאָגט — אָבער איך בין אַזאַ הויכע, אַז אַלע גיבן מיר מער. איר וועט נאָך אויך אויסוואַקסן. אָבער מע מוז זיך אָנטאָן וואַרעם: אויב ניט, וואַקסט מען ניט.

בײַ גרעטלען האָבן זיך באַוויזן טרערן אין די אויגן.

האַנס האָט דאָס באַמערקט. ער איז צוגעגאַנגען צו הילדען און האָט שטאָלץ געזאָגט צו איר:

— מײַן שוועסטער האָט זיך דאָך ניט געקלאָגט פאַר אײַך, אַז איר איז קאַלט.

הילדע האָט פאַרשטאַנען, אַז זי האָט ניט געדאַרפט דערמאָנען, אַז גרעטעל איז ניט וואַרעם אָנגעטאָן. זי האָט מיט עפּעס געוואָלט פאַרגלעטן איר שולד און זי האָט אײַנגעלאַדן די קינדער צום געוועט.

אויף דעם האָט האַנס איידל געענטפערט:

— מיר קענען זיך ניט באַטייליקן אין געוועט. אונדזערע גליטשערס זײַנען פון האָלץ. לאַנג אויף זיי לויפן קען מען ניט און מע פאַלט אַלע ווײַלע.

גרעטעל האָט זיך דערמאָנט, ווי דער ברודער האָט זיך אויסגעצויגן אויפן אײַז הײַנט פרי, און זי האָט גענומען שמייכלען:

— אין געוועט וועלן מיר ניט נעמען קיין אָנטייל, אָבער מיר וועלן קומען זיך אײַנקוקן, ווי אַנדערע לויפן. אויב דאָס איז דערלויבט — האָט גרעטעל געזאָגט.

— אָ, געוויס — האָט הילדע געענטפערט.

איר האָט זייער פאַרדראָסן, וואָס זי האָט אויסגעגעבן אַזוי פיל טאַשנגעלט אויף נאַרישקייטן. ווען זי האָט איצט איר גאַנץ געלט, וואָלט זי פאַר ביידן געקויפט גליטשערס.

— ווער פון אײַך גליטשט זיך בעסער? — האָט זי געפרעגט.
דערבײַ האָט זי ארויסגענומען פון בײַטעלע דאָס ביסל געלט, וואָס דאָרטן איז נאָך איבערגעבליבן און האָט דאָס דערלאַנגט האַנסן:
— איין פּאָר קען מען פאַר דעם געלט קויפן. ווער ס'לויפט בעסער, זאָל אָנטאָן די גליטשערס און קומען צום געוועט — האָט הילדע געזאָגט און שוין געוואָלט אַוועקלויפן צו די איבעריקע חברטעס אירע.
אָבער האַנס האָט זי דעריאָגט אויף זײַנע העלצלעך.
— פרײַלין — האָט ער געזאָגט—מיר קענען פון אײַך דאָס געלט ניט אָננעמען, אָבער מיר דאַנקען אײַך זייער, וואָס איר זײַט אַזוי גוט צו אונדז.
הילדע איז רויט געוואָרן.
— פאַרוואָס קענט איר דאָס געלט ניט נעמען? – האָט זי געפרעגט.
— ווײַל מיר האָבן עס ניט פאַרדינט בײַ אײַך.
הילדע איז געוועזן זייער קלוג. זי האָט באַמערקט, אַז גרעטעל טראָגט אויפן האַלדז אַ הילצערנע קייטעלע.
— סאַ״ אַ שיינע קייטעלע – האָט זי געזאָגט – אָפּשר, האַנס, קענט איר פאַר מיר אויך מאַכן אַזאַ קייטעלע?
— געוויס. מיטן גרעסטן פאַרגעניגן — האָט האַנס געענטפערט און דערבײַ ווידער געוואָלט אַרײַנלייגן איר דאָס געלט אין האַנט.
— ניין — האָט הילדע געזאָגט – זאָל דאָס זײַן פאַרן קייטעלע. עס איז ווערט פיל מער.
און הילדע האָט זיך אַוועקגעטראָגן געשווינט ווי אַ פויגל.
האַנס איז געבליבן שטיין אין פאַרלעגנהייט.
— אויב די מוטער וועט מיר דערלויבן אויסברענען אַ גאַנצע ליכטל, וועל איך נאָך הײַנט בײַנאַכט אויסשניצן אַ קייטעלע. דאַן וועט שוין דאָס געלט זײַן ניט קיין געשאָנקענע, נאָר פאַרדינטע. און פאַר געלט וועל איך קיין גליטשערס ניט קויפן. איך וועל בעסער קויפן וואָל, די מוטער זאָל דיר אויסשטריקן אַ וואַרעמען יאַקל — האָט האַנס געזאָגט.
— ניין – האָט גרעטעל געענטפערט – דו וועסט קויפן גליטשערס. מיר איז גאָרניט קאַלט. אויב דו קויפסט ניט, וועל איך זיך באַלד פונאַנדערוויינען. איך דאַרף ניט קיין וואַלענעם יאַק. קויף זיך גליטשערס און שפּעטער, ווען זיי וועלן שוין זײַן צו קליין פאַר דיר, וועל איך זיך אויף זיי גליטשן.
האַנס האָט זיך פאַרטראַכט. ער האָט אפילו אין זינען ניט געהאַט צו קויפן גליטשערס. אָבער דאָס געוועט... ער ווייס, אַז ער

קען אריבעריאָגן אַלע יינגלעך, ווען ער האָט טאַקע אֶמתע גליטשערס אויף די פיס. אָבער גרעטעל איז דאָך אויך אַזוי פלינק. זאָל זי זיך נאָר איבן אַ וואָך צײַט. וועט זי אויף געוויס אריבעריאָגן אַלע מיידלעך. ניין, זי, גרעטעל, מוז באַקומען די גליטשערס. ווייל זי ניט קיין וואָל אויף אַ יאַק, טאָ זאָל זי טאַקע האָבן גליטשערס.

— גרעטעל — האָט ער געזאָגט — אין גיכן וועל איך פאַרדינען מער געלט, וועל איך זיך קויפן גוטע גליטשערס, און פאַר הילדעס געלט וועל איך דערווײַלע קויפן גליטשערס פאַר דיר.

האַנס און גרעטעל האָבן זיך נאָך אַ ווײַלע געאַמפּערט, אָבער ס'איז געבליבן, ווי דער ברודער האָט געזאָגט:

— די גליטשערס וועלן זײַן פאַר גרעטלען.

*

אויף מאָרגן אין דער פרי האָט זיך שוין גרעטעל געגליטשט אויף אירע נײַע גליטשערס. האַנס איז געווען זייער שטאָלץ. ער האָט זיך ניט געקענט אָנפרייען מיט זײַן שוועסטערל: אַזוי ווי אַ ווינטל האָט זי זיך געטראָגן איבערן אײַז.

די קינדער פון דער רײַכער קאָמפּאַניע האָבן אויך באַמערקט גרעטעלס פלינקייט.

פעטער וואַנכאַלפּ האָט געזאָגט צו קאַרל שומעל:

— זע, ווי די קליינע פליט. מע קען מיינען, אַז זי האָט פליגלען אויף די קנאָפּל און אויגן אין די פּיאַטעס. אָ, זי קען זיך פאַרהוועטן אַפילו מיט קאַטרינקע פלאַק.

קאַרל שומעל האָט זיך אַ קרים געטאָן:

— דו ווייסט, פון וועמען זי האָט די גליטשערס, אָט די קליינע מיידל אין די שמאַטעס? הילדע האָט דאָס געמוזט קויפן פאַר איר.

פעטער וואַנכאַלפּ האָט אַ שמייכל געטאָן: הילדע איז דאָך געווען זײַן בעסטער פרײַנד. און ער האָט זיך געפרייט, וואָס זי האָט אַ גוט האַרץ. ער האָט זיך צוגעגליטשט צו הילדען און זיי האָבן עפּעס שטיל געשמועסט צווישן זיך.

אין אַ ווײַלע אַרום האָט פעטער וואַנכאַלפּ באַשטעלט בײַ האַנסן נאָך איין קייטעלע.

ער וויל דאָס מאַכן אַ מתנה זײַן שוועסטער—האָט ער געזאָגט.

האַנס איז געזעסן אַ גאַנצע נאַכט. האָט זיך צעשניטן די פינגער שניצנדיק דאָס קייטעלע.

אָבער דערפאַר האָט ער זיך פאַרדינט אויף אַ פּאָר גליטשערס.

ער האָט דאָס געלט געהאַלט אָפּגעבן דער מוטער, זי זאָל בעסער קויפן מעל און וואַל.

— ניין — האָט די מוטער געזאָגט — קויף זיך גליטשערס. איך וויל, אַז דו זאָלסט זיך אויך באַטייליקן אין געוועט. ווען איך וואָלט געפונען דאָס געלט, וואָס איז בײַ אונדז פאַרפאַלן געוואָרן פונקט דעם טאָג, ווען דער פאָטער איז קראַנק געוואָרן, וואָלטן מיר שוין געהאַט פאַר וואָס מעל צו קויפן. דאָס געלט האָט מען צוגעגנבעט, אָדער דער פאָטער האָט עס באַהאַלטן, אָבער ער געדענקט קיין זאַך ניט. און דאָס געלט קענען מיר שוין ניט געפינען.

— אפשר האָט דער פאָטער פאַר דעם געלט געקויפט דעם גרויסן זייגער, וואָס ליגט בײַ דיר אין קאָמאָד? — האָט האַנס געפרעגט.

— ניין, מײַן זון — האָט פרוי ברינקער געענטפערט — שוין וויפיל מאָל האָב איך דעם זייגער געוואָלט פאַרקויפן, אָבער דאָס האַרץ לאָזט ניט. אין יענעם שרעקלעכן אָוונט, ווען מיטן פאָטער האָט זיך געטראָפן דער אומגליק, איז ער געקומען אַהיים ווי אַלע מאָל א פאַרמאַטערטער און האָט זיך געזעצט עסן וועטשערע. דערבײַ האָט ער אַרויסגענומען פון קעשענע דעם זייגער, האָט מיר אים דערלאַנגט און אָנגעבעטן, איך זאָל אים זייער היטן. איך האָב זיך זייער פאַרוווּנדערט. דער פאָטער האָט קיינמאָל קיין זייגער ניט געהאַט. איך האָב שוין געוואָלט פרעגן, וואָס איז דאָס פאַר א זייגער און פאַרוואָס זאָל איך אים באַהאַלטן, עס וואָלט דאָך געווען בעסער, דער פאָטער זאָל אים טראָגן אין קעשענע. אין דער זעלביקער מינוט זײַנען אַרײַנגעלאָפן די אַרבעטער רופן דעם פאָטער, ווײַל ס'איז געווען א שטורעם, און די דאַמבע איז געווען אין גרויס געפאַר. ער האָט ניט באַוויזן צו ענטפערן און איז אַרויסגעלאָפן מיט זיי צו דער דאַמבע. וואָס עס האָט געטראָפן אין יענער שטורמישער נאַכט, ווייסט איר שוין. דער פאָטער איז געוואָרן צעמישט, און איך האָב זיך שוין ניט געקענט דערוויסן, ווו דאָס געלט איז אַהינגעקומען און פון וואַנען דער זייגער האָט זיך גענומען.

— דו האָסט גוט געטאָן, מאַמע, וואָס דו האָסט דעם זייגער ניט פאַרקויפט. אָפּשר וועט נאָך אונדזער פאָטער געזונט ווערן, דעמאָלט וועט זיך דאָס געלט געפינען, און ער וועט דיר אַזוי דאַנקען, מאַמע, וואָס דו האָסט געהיט דעם זייגער.

— ניין — האָט פרוי ברינקער געזאָגט — אונדזער פאָטער וועט שוין געזונט ניט ווערן.

און זי האָט זיך ביטער פונאַנדערגעוויינט.

האַנס און גרעטעל האָבן זיך גענומען בעטן בײַ איר, זי זאָל ניט וויינען. עס מאַכט ניט אויס, וואָס מע וועט דאָס געלט ניט געפינען. זיי וועלן אַזוי אויך דורכלעבן. און דעם זייגער וועלן זיי אויך

היטן און קײנמאָל ניט פאַרקויפן, ווי דער פאָטער האָט געבעטן, ווען ער איז נאָך געזונט געווען.

— מאַמע—האָבן זיך די קינדער געבעטן—וויין ניט, דײַן שמייכל איז אונדז טײַערער ווי גאָלד.

פרוי ברינקער האָט אָפּגעווישט די טרערן און האָט זיך צוגע־זעצט צום שפּינראָד.

---

# עס גיט אַ שײַן די זון.

די שפּינראָד האָט זיך געדרייט און שטיל גערוישט.

פרוי ברינקער האָט געטראַכט:

— איך טאָר טאָקע ניט חײנען: איך האָב אַזוינע גוטע קינדער. האַנס — האָט זי זיך אָפּגערופן צום זון — וואָס וואַרטסטו? לויף, מײַן קינד, קיין אַמסטערדאַם און קויף זיך גליטשערס. נעם מיט די פּאַר־טיקע פאַר וואָלענע זאָקן, פאַרקויף זיי און פאַר דעם געלט קויף אַ שטיקל טאָרט. גרעטעל האָט זיך דאָך שוין פאַרבענקט נאָך אַ נאַ־שערײַ. און הײַנט אָווענט איז דאָך יום טוב.

גרעטעל האָט פאַר פרייד אַ פּאַטש געטאָן מיט די הענט.

האַנס האָט אָנגעטאָן זײַן קורטקע.

פאַרן אַרויסגיין האָט ער אַ קוק געטאָן אויפן פאָטער און דער־נאָך אויף דער מוטער.

פרוי ברינקער האָט פאַרשטאַנען, אַז ער וויל איר עפּעס זאָגן.

זי איז צוגעגאַנגען צו דער טיר, און האַנס האָט איר שטיל גע־פרעגט:

— מאַמע, איך גיי קיין אַמסטערדאַם, זאָל איך אפשר פאַר דעם געלט אַרויסרופן אַ דאָקטאָר, אַ גרויסן דאָקטאָר צום פאָטער?

— ניין, מיין קינד — האָט די מוטער געענטפערט — פאַר אַזוינע געלט וועט קיין דאָקטאָר פון אַמסטערדאַם צו אונדז ניט גיין. און העלפן וועט אַ דאָקטאָר פון אַמסטערדאַם אויך ניט. איך האָב דאָך שוין אויסגעגעבן אַזוי פיל געלט אויף צו קורירן דעם פאָטער, און קיינער האָט אים ניט געהאָלפן. גיי, האַנס, און קויף זיך גליטשערס.

• • •

האַנס איז אַרויס פון הויז.

אָט איז ער שוין דורכגעלאָפן דורכן רײַכן דאָרף בריאָק. די גאַסן זײַנען דאָ געווען אויסגעלייגט מיט ציגל, די הילצערנע הײַזער אָפּגעלאַקירט פון דרויסן. לעבן די הײַזער — קליינע גערטעלעך. אין אַנדערע גערטעלעך האָבן זיך געזען פאַווען, וועלף. אָבער שרעקט זיך ניט, זיי זײַנען געווען ניט קיין לעבעדיקע, נאָר אויסגעשניצט פון

האָלץ, און דערבײַ אַזױ קונציק אױסגעשניצט, אַז מע האָט געקענט אַ מינוט מײנען, אַז דאָס זײַנען טאַקע אָמתע װעלף.

דאָ האָבן געװױנט רײַכע פּױערים.

אָפּטמאָל פֿלעגט האַנס זען, װי זײ ברענגען אױפֿן מאַרק גרױסע קעז צו פֿאַרקױפֿן. און אַלץ איז דאָ געװען אַזױ רױִק. אַפֿילו די קינדער פֿלעגן װײניק שטיפֿן אין בריאָק.

האַנס איז געלאָפֿן אַלץ װײַטער. מע קען ניט זאָגן, אַז זײַנע הילצערנע גליטשערס האָבן אים גוט געדינט: אַלע װײַלע האָט ער זיך געמוזט אָפּשטעלן.

מיט אַ מאָל האָט ער דערזען אַנטקעגן זיך אַ הױכע פֿיגור, אױך אױף גליטשערס.

האַנס האָט אים באַלד דערקענט. דאָס איז געװען דער באַרימטער דאָקטאָר בערקמאַן.

האַנס האָט אים פֿריִער קײן מאָל ניט געזען אַלײן. ער האָט מער ניט געזען זײַן פּאָרטרעט אין אַ פֿענצטער פֿון אַ געשעפֿט אין אַמסטערדאַם. זײַן פּנים איז געװען אַ לענגלעכער און אַ דאַרער; די בלױע אױגן האָבן געקוקט קאַלט און שטרענג, אַזױ װי זײ װאָלטן װעלן זאָגן:

— שמײכלען טאָר מען ניט.

בערקמאַן איז געװען אַ כירורג, אַ דאָקטאָר װאָס מאַכט אָפּעראַציעס, דער גרעסטער דאָקטאָר אין האָלאַנד.

—דאָקטאָר בערקמאַן װאָלט אָפֿשר קענען אױסהײלן מײַן פֿאָטער— האָט האַנס אַ קלער געטאָן — איך מוז אים אָפּשטעלן און בעטן, ער זאָל קומען צו מײַן פֿאָטער.

— דאָקטאָר בערקמאַן! — האָט האַנס אױסגעשריִען און האָט זיך אַלײן אַזױ דערשראָקן פֿאַר זײַן דרײסטקײט, אַז אים האָט זיך געװאָלט אַנטלױפֿן. ס'איז שױן אָבער געװען צו שפּעט: דער דאָקטאָר האָט זיך אָפּגעשטעלט און זיך שטרענג אײַנגעקוקט אױפֿן ייִנגל.

— דאָקטאָר—האָט האַנס געזאָגט מיט אַ ציטעריקער שטים—טוט מיר אַ טובֿה.

— גײ זיך דיר! — האָט דאָקטאָר בערקמאַן געענטפֿערט—איך האָב קײן צײַט ניט דאָ צו שטײן מיט דיר. און געלט װעל איך דיר אױך ניט געבן... איך גיב קײן מאָל ניט קײן בעטלער.

— דאָקטאָר — האָט האַנס געזאָגט — איך בעט ניט קײן נדבֿה. װעגן מײַן קראַנקן פֿאָטער האָב איך געװאָלט רײדן מיט אײַך. אָפֿשר

קענט איר אים העלפן? ער לעבט, אָבער זײַן לעבן איז ערגער ווי געשטאָרבן; זײַן רײדן איז קײן רײדן ניט: אָפּגעריסענע ווערטער, אָן א זינען, דער שכל איז אין גאַנצן פאַרלאָרן. ער איז אַראָפּגעפאַלן פון דער הײך. ווען ער האָט געוואָלט ראַטעווען דאָס לאַנד פון א פאַרפלײצונג און פאַרשטאַרקן א דאַמבע.

— וואָס זאָגסטו? דערצײל ווי ס'געהער צו זײַן — האָט דאָקטאָר בערקמאַן אָנגעשריִען אויף האַנסן.

אָבער ס'איז קענטיק געווען, אַז ער הערט זיך גוט אײַן.

האַנס האָט אַלץ דערצײלט. זײַנע אויגן האָבן זיך אָנגעפילט מיט טרערן:

— איך בעט אײַך, דאָקטאָר, קומט צו אונדז, העלפט מײַן פאָטער! איך ווײס, אַז דאָס געלט, וואָס איך וועל אײַך געבן, איז צו ווײניק פאַר אַזאַ גרויסן דאָקטאָר. אָבער הײלט אויס מײַן פאָטער, איך וועל מײַן גאַנץ לעבן אַרבעטן פאַר אײַך.

וואָס איז געוואָרן מיטן אַלטן דאָקטאָר? די וואָס האָבן אים גוט געקענט וואָלטן אים ניט דערקענט. זײַנע אויגן זײַנען מיטאַמאָל גוט און מילד געוואָרן. דעם שטעקן, וואָס ער האָט מיט אים, דאַכט זיך, פריִער געוואָלט א קלאַפּ טאָן האַנסן, האָט ער אַראָפּגעלאָזן. ער האָט אַרויפגעלײגט זײַן דאַרע האַנט אויף האַנס' פּלײצע:

— באַהאַלט דאָס געלט. איך וועל קומען צו דײַן פאָטער. איך האָב אָבער מורא, אַז מע קען אים ניט העלפן. וויפיל יאָר איז ער שוין קראַנק?

— צען יאָר, הער דאָקטאָר — האָט האַנס געענטפערט ווײנענדיק.

— דאָס איז א לאַנגע צײַט. הײַנט פאַר איך קײן לײדען. איך וועל דאָרט זײַן זיבן טעג. ווען איך וועל זיך אומקערן, וועל איך באַזוכן דײַן פאָטער. — וווּ וווינט איר?

— לעבן בריאַק, אויפן ברעג פון קאַנאַל. איטלעכער וועט אײַך ווײַזן אונדזער קלײן הײַזל. קינדער ווײַכן פון אונדז. זײ רופן אונדזער אָרעם שטיבל „דעם אידיאָטס הײַזל".

— גוט, איך וועל זײַן בײַ אײַך — האָט דער דאָקטאָר געענטפערט און איז אַוועק.

— דער יינגל געפעלט מיר — האָט דער אַלטער דאָקטאָר געזאָגט צו זיך אַלײן, זײַנע אויגן דערמאָנען מיר די אויגן פון מײַן אומגליקלעכן לאָראַן... פאַרוואָס קען איך אים ניט פאַרגעסן?

דעם דאָקטאָרס פּנים איז ווידער געוואָרן טרויעריק און שטרענג און ער איז אויף גיך אַוועק פאָרויס.

האַנס האָט זיך אויף א רגע אָפּגעשטעלט. וואָס זאָל ער טאָן?

לויפן אהיים און דערציילן דער מאַמען וועגן דאָקטאָר, אָדער לויפן ווײַטער קיין אַמסטערדאַם און קויפן דאָרטן גליטשערס און טאָרט?

אַמסטערדאַם איז שוין געווען גאָר נאָענט, און האַנס האָט באַשלאָסן פריִער אַלץ קויפן און דערנאָך זיך אײַלן אהיים.

• • •

ווען האַנס האָט זיך אומגעקערט אהיים, האָט געשײַנט די לְבָנָה.

פרוי ברינקער האָט שוין גאָר ניט געהאָפט, איר מאַן זאָל געזונט ווערן. אָבער פון האַנס׳ ווערטער איז איר געוואָרן לײַכטער אויפן הארצן, און זי האָט דערלויבט די קינדער פאַרן שלאָפן גיין זיך נאָך א ווײַלע גליטשן אויפן קאַנאַל.

האַנס איז געווען איבער גליקלעך מיט זײַנע נײַע גליטשערס. ער האָט געמאַכט מיט זיי אַלערליי קונצן אויפן אײַז, און גרעטעל האָט זיך ניט געקענט אָנפרייען מיט אים.

אויפן אײַז זײַנען נאָך געווען א פולע מענטשן. וואַנכאָלפּ און קאַרל שומעל, די ייִנגלעך פון דער רײַכער קאָמפּאַניע, זײַנען דאָ אויך געווען. זיי האָבן זיך געגרייט צום געוועט. דרײַ מאָל האָט פּעטער וואַנכאָלפּ אריבערגעיאָגט קאַרלען. אים האָט דאָס זייער פֿאַרדראָסן. זײַן כַּעס האָט ער געוואָלט אויסגיסן אויף האַנסן און גרעטלען. ער האָט צוגערופן זײַנע חֲבֵרים און געזאָגט.

— מיר טאָרן ניט צולאָזן צום געווער די צוויי קינדער אין די שמאַטעס.

קאַטרינקע פלאַק און רישע קאָרבעס זײַנען טאַקע אין כַּעס אויף הילדען, וואָס זי האָט פאַרבעטן די קינדער פון „אידיאָטס הײַזל״ צום געווער.

— איך ווייס, פאַרוואָס דו ווילסט ניט צולאָזן צום געווער האַנסן און גרעטלען. דיר פאַרדריסט, וואָס זיי גליטשן זיך בעסער פון דיר. איך הער דעם ערשטן מאָל, מע זאָל ניט צולאָזן צו קיין געווער קינדער נאָר דערפאַר, וואָס זיי זײַנען אָרעם.

זאָגנדיק דאָס האָט פּעטער וואַנכאָלפּ א קוק געטאָן אויף קאַרלען און אים געוויזן זײַנע קולאַקעס.

קאַרל האָט פאַרביסן די ליפּן. ער האָט געוווּסט, אַז פּעטער איז שטאַרקער פון אים און שלאָגן זיך מיט אים לוינט ניט. דערפאַר האָט ער זיך א דריי געטאָן אויף זײַנע גליטשערס און זיך אַוועקגעגליטשט אין אַן אַנדער זײַט.

— איך וועל זיי שוין אָפּטאָן, די בעטלער, אָבער אַן אַנדערשמאָל, ווען פּעטער וועט ניט זײַן אויפן קאַנאַל! — האָט ער געזאָגט צו זיך אַליין.

פ י נ פ ט ע ר   ק א פ י ט ל

—

## יאקאב באאט און זיין שוועסטערקינד.

אויפן קאנאל האט זיך באוויזן יאקאב פאאט. אלע האבן אים שוין דערקענט פון ווײַטן — ס'איז ניט געווען נאך אזא דיקער יינגל ווי ער אין דער גאנצער געגנט.

— אט גייט ער, דער גראבער! — האט אויסגעשריִען קארל — און מיט אים נאך איינער, א לאנגער און א דינער. ער ווײַזט אויס ווי אן אויסלענדער.

— דאס איז טאקע אן אויסלענדער. ער קומט פון ענגלאנד. זײַן נאמען איז בען דאבס — האט דערציילט איינער פון די יינגלעך.

אלע האבן זיך אפגעשטעלט און געווארט אויף יאקאבן מיט דעם ענגלענדער.

— חברים, איך האב אײַך געבראכט מײַנעם א שוועסטערקינד. ער קומט פון ענגלאנד און וויל זיך באטייליקן אין אונדזער געוועט. איר נעמט אים ארײַן?

— יא, יא! — מיר נעמען אים ארײַן! — האבן אלע זיך אפגעגע-רופן מיטאמאל.

אלע האבן ארומגערינגלט דעם גאסט.

די ערשטע מינוט האט ער זיך געפילט פרעמד.

די יינגלעך האבן געלערנט אין שול ענגליש, אבער ריידן גוט האבן זיי ניט געקענט. ער האט אפילו פארשטאנען האלענדיש, אבער ריידן איז אים געווען שווער. פונדעסטוועגן האט ער דערפילט, אז די האלענדישע חברים זײַנען ווילע יינגלעך, און ער האט זיך זייער דערפרייט, ווען זיי האבן אים פארגעלייגט א גרויסן פראיעקט.

וואס איז דאס געווען פאר א פראיעקט? אין גיכן האט געדארפט זײַן א יום טוב. פיר טעג וועט מען ניט לערנען אין שול. האבן קלוגע קעפ צוגעטראכט אזא פלאן: אויסנוצן די פרײַע טעג און מאכן א גרויסע רײַזע אויף גליטשערס איבערן אײַז. אליין זען דאס לאנד און באקענען דעם ענגלענדער מיט האלאנד. מע וועט זיך אפשטעלן אין עטלעכע שטעט: אין האארלעם, אין ליידן און אין האאג. דארטן האט פעטער וואנכאלף א פארהייראטע שוועסטער. זי וועט

מיט פארגעניגן אויפנעמען די געסט, און פון דאָרטן וועט מען זיך אומקערן צוריק.

אַלע זײַנען געווען באַגײַסטערט פון דעם גרויסאַרטיקן פּלאַן.

דער זייגער איז שוין געווען אַכט. און אַלע זײַנען גליקלעכע אַוועקגעלאָפן אַהיים.

•

ווו זײַנען אָבער האַנס און גרעטעל? זיי גליטשן זיך אויף אויפן קאַנאַל, אָבער אָן אַ זײַט פון די איבעריקע. זיי קענען זיך נאָך אַלץ ניט אָנפרייען מיט זייערע נײַע גליטשערס.

אָבער מיטאַמאָל האָט זיך עפּעס דערהערט ווי אַ געשריי.

האַנס איז בלייך געוואָרן. ער ווייס, וואָס דאָס איז.

— דער פאָטער! — האָט ער אויסגעשריִען — געווים האָט ער ווידער איבערגעשראָקן די מאַמען.

און האַנס האָט זיך געלאָזט לויפן צום שטיבל אַזוי געשווינד, אַז גרעטעל האָט אים ניט געקאָנט נאָכהאַלטן.

ניט אומזיסט האָבן זיך אַלע רײַכע קינדער געאײַלט אַהיים. זיי האָבן געוווּסט, אַז מאָרגן איז יום טוב און אַז הײַנט בײַנאַכט דאַרף מען אַרויסשטעלן לעבן טיר די שיך, וועט מען מאָרגן אין דער פרי געפינען אין זיי די שענסטע מתּנות. די גאָר קליינע קינדער האָבן געמיינט, אַז דאָס ברענגט זיי אַ גוטער אַלטער ייִדע מיט אַ לאַנגער ווײַסער באָרד. זיי האָבן זיך נאָר געוווּנדערט, פון וואַנען דער ייִדע ווייס, וואָס זיי ווילט זיך האָבן, און ווי אַזוי ער קען זײַן אויף אַ מאָל אין אַלע הײַזער.

די עלטערע קינדער האָבן פאַרשטאַנען, אַז קיין אַלטער ייִדע ברענגט עס ניט די מתּנות, אָבער זיי האָבן זיך אויך געאײַלט אַרויס-צושטעלן פאַר דער טיר זייערע שיך. זיי האָבן געוווּסט, אַז די שיינע מתּנות לייגן אַרײַן טאַטע-מאַמע.

הילדע וואַנגלעק איז געווען אַ קינד פון רײַכע עלטערן און זי האָט טאַקע געפונען אַ טײַערע מתּנה — צען בענד פון די בעסטע שרײַבער.

און איר ברודער, וואָס האָט אַזוי ליב געהאַט נאַטורוויסנשאַפט, האָט געפונען בײַ זיך אין שוך אַ פאַרגרעסערגלאָז, וואָס ער האָט שוין לאַנג געחלומט וועגן דעם. הילדע האָט זיך זייער געפרייט מיט איר טײַערער מתּנה, אָבער זי איז געווען אַ קלוגע מיידל און זי האָט געהאַט אַ גוט האַרץ. בלעטערנדיק די שיינע נײַע ביכער, האָט זי זיך דערמאָנט וועגן האַנסן און גרעטלען. זי האָט זיך פאַרגעשטעלט,

ווי טרויעריק עס מוז זײַן אין זייער קליין שטיבל, מיטן קראַנקן צעמישטן פאָטער. איר איז אומעטיק געוואָרן, און איר האָט זיך אויר פאַרוואָלט פאַרשאַפן זיי עפּעס אַ פאַרגעניגן, אַ פרייד.

---

זעקסטער קאַפּיטל.

## וואָס אונדזערע יונגע רייזנדער האָבן געזען אין אַמסטערדאַם אויפן וועג קיין האַרלעם.

אָט איז שוין אָנגעקומען די שעה פאַר דער רײַזע איבערן אײַז. אַלע חברים פּעטערס האָבן געהאַלטן וואָרט און זײַנען געקומען פּינקטלעך.

פּעטער וואַנכאָלף איז געקומען דער ערשטער.

— צי זײַט איר אַלע גרייט? זײַנען די גליטשערס גוט צוגעבונדן? איז אַלץ אין אָרדענונג? — האָט געפרעגט דער יונגער קאַפּיטאַן.

— יאָ, יאָ! — האָבן אַלע געענטפערט אויף אַ מאָל.

— צי זײַנען אַלע דאָ אויף אָן אָרט? — האָט ווידער געפרעגט פּעטער און האָט אַלעמען אויסגערופן בײַ די נעמען.

— דאָס וועטער איז גוט, דער אײַז איז שטאַרק. — איינס, צוויי, דרײַ! — און אַלע האָבן זיך גערירט פון אָרט.

אין אַ האַלבער שעה אַרום איז שוין די גאַנצע קאָמפּאַניע געווען אין אַמסטערדאַם, די צווייטע הויפּטשטאָט פון האָלאַנד — די ערשטע איז האַאַג.

די שטאָט איז אויסגעבויט אויף נײַנציק קליינע אינדזלען. צווישן די אינדזלען געפינען זיך מער ווי דרײַ הונדערט בריקן. די הײַזער האַלטן זיך אויף שטאַרקע סלופּעס. אומעטום—קאַנאַלן, און אויף די קאַנאַלן באָטן און שיפן, אַן אמתער וואַלד פון מאַסטבײמער.

די הײַזער זײַנען הויכע, די דעכער בלישטשען.

אין אַנדערע הײַזער זײַנען די געשעפטן אויפן צווייטן און דריטן עטאַזש. די סחורה פירט מען צו אויף אַ שיף און מע הייבט עס אויף אין דער הייך אויף אַ ווינדע.

איר געדענקט דאָך, אַז צווישן די יינגלעך איז געווען איינער פון ענגלאַנד. ער האָט זיך איבערהויפּט געוווּנדערט, וואָס אין אַמסטערדאַם פירט מען האָלץ און מילך אויף קליינע וועגעלעך און אין זיי זײַנען אײַנגעשפּאַנט הינט.

אונדזערע יונגע רײַזנדער זײַנען אויך דורכגעגאַנגען דעם טייל פון דער שטאָט, וווּ עס וווינען ייִדן. זיי פאַרנעמען זיך דערמיט, וואָס

זיי שלאָפן דימענטן. די אַרבעט איז זייער אַ שווערע, און די שלאָפער באַקומען פאַר זייער אַרבעט גאָר ווייניק.

די קינדער האָבן אויך באַזוכט אַ גרויסן מוזיי מיט גרויסאַרטיקע בילדער. מער פון אַלץ זײַנען זיי געפעלן געוואָרן די בילדער פון דעם באַרימטן האָלענדישן קינסטלער רעמבראַנדט.

אַלעמען האָט זיך נאָך געוואָלט זײַן אין מוזיי, אָבער פעטער וואַנכאָלפּ איז געווען אַ שטרענגער קאַפּיטאַן. די צײַט איז געווען בײַ אים פון פריִער פאַרטײלט און מע האָט געמוזט גיין ווײַטער.

נאָך אין איין זאַך איז ער געווען זייער שטרענג. אין די פענצטער פון די געשעפטן זײַנען געווען אויסגעשטעלט זייער שיינע זאַכן. איבערהויפּט האָבן די פענצטער געצויגן צו זיך מיט שפּילצײַג. עס האָט זיך געוואָלט עפּעס קויפן. אָבער פעטער איז געווען דער קאַסירער, און ער האָט ניט דערלויבט אויסצוגעבן קיין געלט אויף שפּילצײַג, ווײַל מע האָט געקענט בלײַבן אָן געלט אויף שפּײַז און נאַכטלעגער.

קוים זײַנען די קינדער אַרויס פון מוזיי, האָבן זיי אָנגעטאָן די גליטשערס און זיך געלאָזט איבערן אײַז.

איינער פון זיי האָט באַמערקט, אַז עס פעלט יאַקאָב פּאָאָט.

איר געדענקט דאָך געוויס, אַז דאָס איז געווען דער דיקער ייִנגל.

אַלע זײַנען געוואָרן אומרויִק, איבערהויפּט אונדזער קאַפּיטאַן פעטער. זיי זײַנען דאַן פאַרבײַגעלאָפן פאַרבײַ אַ גרויסער לאָך אין פאַרפראָרענעם קאַנאַל.

אַזוינע לעכער האַקט מען אויס אויף צו נעמען אײַז.

פעטער האָט זיך אײַנגעבויגן איבערן לאָך. קיין זאַך האָט זיך ניט געזען. ניט שוין זשע וואָלט יאַקאָב ניט געשריִען און ניט גערופן נאָך הילף, אויב ער וואָלט אַרײַנגעפאַלן אין קאַנאַל?

זײַן שוועסטערקינד, דער ענגלענדער, האָט זיך געכאַפּט, אַז פּאָאָט איז אָפשר געבליבן אין מוזיי.

מע האָט אים טאַקע געפונען דאָרטן. ער איז אײַנגעשלאָפן אויף אַ באַנק. עס האָט גענומען צײַט, ביז וואַנען ער האָט זיך אויסגעשלאָפן. יאַקאָב האָט זיך געשעמט. אָבער פעטער, דער קאַפּיטאַן, האָט ניט דערלאָזן די חברים אָפּלאַכן פונעם דיקן ייִנגל, וואָס איז, נעבעך, פון מידקייט אײַנגעשלאָפן אַזוי געשמאַק.

די קאָמפּאַניע איז געלאָפן קיין האַאַרלעם. אויפן ברעג איז געגאַנגען אַ צוג. די ייִנגלעך האָבן זיך געפרוווט פאַרמעסטן מיטן לאָקאָמאָטיוו און זיי זײַנען אַ ווײַלע געלאָפן גאַנץ האַסטיק. באַלד אָבער

זײַנען אונדזערע יונגע רײַזנדער מיד געוואָרן און זײ האָבן גענומען לויפֿן מיט גלײַכע מעסיקע טריט.

דער קאַנאַל האָט זיך געצויגן גלײַך ווי אַן אָנגעצויגענע סטרונע. פֿון בײדע זײַטן איז ער געווען באַוואַקסן מיט בײמער. אַ ביסל ווײַטער פֿון קאַנאַל האָט זיך געצויגן אַ הויכער וועג פֿאַר פֿורן. דער וועג איז געגאַנגען איבער אַ דאַמבע, וואָס האָט אײַנגעצאַמט די גרויסע האַאַרלעמער אָזערע. איבערן גלאַטן אײַז פֿון דער אָזערע האָט מען זיך געגליטשט אויף שליטעלעך, וואָס האָבן אויסגעזען ווי שיפֿלעך. אויף זײ זײַנען אַפֿילו געווען מאַסטבײמער מיט זעגלען, און דער ווינט האָט אונטערגעהאַלפֿן שטופֿן די שליטלעך.

די ייִנגלעך האָבן געפֿרעגט דעם חבֿר פֿון ענגלאַנד: וואָס איז אים מער פֿון אַלץ געפֿעלן אין האָלאַנד.

בען האָט געענטפֿערט, אַז די זויבערקייט. אין ערגעץ האָט ער ניט געזען, די דילן זאָלן אַזוי בלישטשען ווי דאָ.

געראָט האָבן זיך אונדזערע רײַזנדער אין אַ קלײן דאָרפֿיש שטיבל, וווּ מע האָט זײ אויפֿגענומען גאָר פֿרײַנדלעך. מע האָט דערלאַנגט צום רײנעם טיש גרויסע קיכלעך און אַ קרוג שטובײקן ביר. חבֿרה האָט זיך ניט געלאָזט בעטן. מע האָט געגעסן מיט גרויס אַפּעטיט נאָך אַזאַ שפּאַציר אין דער פֿראָסטיקער לופֿט.

די פֿרײַנדלעכע באַלעבאַטים האָבן נאָך אָנגעפּאַקט די קעשענעס פֿון זײערע געסט מיט קיכלעך, זײ זאָלן קענען צובײַסן אונטער־וועגנס.

באַלד איז מען געקומען צו דעם אָרט, וווּ די האַאַרלעמער אָזערע קומט זיך צונויף מיט אַ טײַך.

צווישן טײַך און דער אָזערע געפֿינט זיך אַ מעכטיקער טויער.

אַזוינע טויערן אין וואַסער הײסן שלוזן. אַ דאַנק די דאַמבעס און די שלוזן האַלט זיך דאָס לאַנד.

ס'איז ניט קײן וווּנדער, וואָס די האָלענדער שעצן אַזוי די בויער פֿון די דאַמבעס און פֿון די שלוזן. מע גיט זײ אָפּ גרויס כּבֿוד, ווי לאַנג זײ לעבן, און מע שטעלט (אָ)ר זײ דענקמעלער נאָכן טויט.

---

## די באגעגעניש פון האנסן מיט פעטערן.

ס'איז געווען ארום האלב איינס, ווען פעטער איז געקומען מיט זיין חברה אין דער גרויסארטיקער שטאט האארלעם. זיי זיינען דורכגעלאפן זיבעצן מײל. אבער זיי האבן זיך געפילט שטארק און מונטער ווי יונגע אדלערס. אלע זיינען געווען זייער צופרידן. קיין מאל איז נאך אזוי פריילעך ניט געווען.

גליקלעכער פון אלעמען האט זיך געפילט אונדזער קאפיטאן פעטער. ער איז געלאפן פארויס און האט ניט אויפגעהערט צו פייפן און צו זינגען. מע האט זיך אפגעשטעלט לעבן א רעסטאראן. פעטער האט געפירט עסן פרישטיק. ער האט אראפגעלאזן די האנט אין קעשענע. ווייזט אויס, ער האט געוואלט אנגרייטן געלט. אבער מיטאמאל איז ער געווארן בלייך, האט א שפרונג געטאן, ווי ער וואלט פון זינען אראפ און גענומען שארן און זוכן אין אלע קעשענעס.

— וואס איז מיט דיר? — האבן אים געפרעגט די דערשראקענע חברים.

— מיין לעדערנע בײטל מיט גאר אונדזערע געלט איז פארפאלן געווארן!

אלע זיינען אזוי ווי פארשטומט געווארן.

דער ערשטער איז געקומען צו זיך קארל, און ווי אלע מאל האט ער ארויסגעוויזן זיין גאנצע בייזקייט.

— ווי נאריש דאס איז! איין מענטשן טרויט מען אן אלעמענס געלט. איך האב פריער געזאגט, מע זאל דאס ניט טאן — האט ער איבערגעריסן אלעמעס שווײגן.

— ווען מיר וואלטן געווען אין אמסטערדאם, וואלט איך זיך שוין געגעבן אן עצה. דארטן האב איך א פולע באקאנטע. וואס וואלטן מיר געליִען געלט. אבער אין האארלעם האב איך ניט אזוינע באקאנטע—האט פעטער געזאגט.

איין קארל האט געהאט גוטע באקאנטע אין האארלעם, אבער ער האט ניט געוואלט לײען בײ זיי קיין געלט.

אלע זיינען געווען זייער פארלארן און אלעמען האט זיך מיטאמאל פארוואלט עסן.

דער ענגלענדער בען האָט געפּרוּווט טרייסטן די חבֿרים:

— נו, איז וואָס? מיר האָבן קיין געלט ניט, וועלן מיר ניט עסן! קנאַפּ מענטשן זײַנען פאַראַן אויף דער וועלט, וואָס האָבן ניט וואָס צו עסן.

די עצה איז די ייִנגלעך ניט זייער געפעלן געוואָרן און קאַרל האָט געזאָגט:

— מיר מוזן האָבן געלט. דו, פּעטער, האָסט פאַרלאָרן, מוזסטו אונדז שאַפן געלט. פאַרקויף דײַן זייגער.

— דעם זייגער? — האָט פּעטער איבערגעפרעגט — פאַר קיין זאַך אויף דער וועלט! דאָס איז דאָך מײַן פאָטערס זייגער. איך וועל בעסער פאַרקויפן מײַן מאַנטל אָדער מײַן הוט.

דער דיקער יאַקאָב האָט זיך אָפּגערופן:

— בען איז גערעכט. מע קען זיך באַגיין דערווײַלע אָן עסן אויך. מיר וועלן זיך אומקערן אהיים, און מאָרגן וועלן מיר פון דער היים ווידער אַרויסגיין און רײַזן ווײַטער

קאַרל האָט ניט אויפגעהערט צו בורטשען.

פּעטער איז געווען אַ קלוגער ייִנגל.

— חבֿרים—האָט ער געזאָגט צו די איבעריקע ייִנגלעך—ווי לאַנג וועלן מיר שטיין אַזוי ווי פאַרלאָרענע? צי פּאַסט דאָס אַזוי צו פאַרלירן דעם מוט? ניטאָ קיין געלט! נו, איז וואָס? לאָמיר מיט פריילעכע לידער לויפן אויף אונדזערע גליטשערס אהיים, אַזוי ווי קיין זאַך וואָלט גאָר ניט געטראָפן. מאַרש! פאָרויס נאָך אַבער קאַפּיטאַן!

אַלע האָבן זיך מיט אַ מאָל אַ כאַפּ געטאָן, אַז ס'איז מיאוס אַזוי צו טרויערן וועגן דעם געלט, און האָבן זיך פריילעך געלאָזן אין וועג נאָך פּעטערן.

מע איז אָפּגעלאָפן אַ רעכט שטיקל וועג.

— זעט — האָט זיך אָפּגערופן קאַרל — אָט איז ווידער דאָ דער בעטלער אויף די הילצערנע גליטשערס און אין די פאַרלאַטעטע הויזן. מע קען גאָר ניט פּטור ווערן פון אים. אומעטום לויפט ער אונדז נאָך. פּעטער וועט נאָך אַוודאי זיך וועלן אָפּשטעלן ריידן מיט אים.

— יאָ — האָט געזאָגט פּעטער — איך וועל זיך געוויס אָפּשטעלן ריידן מיט אים, אויב דאָס איז טאַקע האַנס. אָבער ווו איז ער? איך זע אים ניט.

אַלע האָבן זיך אַרומגעקוקט. איינער איז טאַקע געלאָפן פון הינטן, אַזוי ווי ער וואָלט זיי געוואָלט דעריאָגן.

פּעטער האָט געהייסן דער קאָמפּאַניע זיך אָפּשטעלן און וואַרטן.

ס'איז טאקע געווען האנס. אָבער וואָס דאַרף ער דאָ? ער איז אַזוי בלייך, קענטיק, אַז ער האָט זיך זייער פאַרמאַטערט פון גיכן לויפן.

— האנס ברינקער! וווהין לויפט איר? — האָט אים אָפּגעשטעלט פעטער.

— אַך, דאָס זײַט איר, פעטער? — האָט האנס געענטפערט — ווי גוט דאָס איז, וואָס איך האָב אײַך דערזען.

— דער בעטלער! ווי ער רעדט דאָס! — האָט קאַרל בייז באַמערקט.

— פעטער וואַנכאָלף — האָט האנס ווידער געזאָגט — איך בין אַזוי גליקלעך, אַז איך קען אײַך פאַרשאַפן אַ פרייד. איך האָב דאָך געפונען אײַער בײַטל. אָט איז דאָס לעדערנע בײַטל מיט געלט!

און ער האָט דערלאַנגט פעטערן זײַן בײַטל.

— הוראַ!!! — האָט גענומען שרײַען די גאַנצע חבֿרה.

— הוראַ! האנס ברינקער, הוראַ!

אַלע זײַנען געווען איבערגליקלעך.

מער נישט קאַרל האָט זיך געקרימט.

דערווײַלע האָט פעטער אָפּגערופן אָן אַ זײַט האנסן און אים אויסגעפרעגט, ווי אַזוי ער האָט געפונען דאָס בײַטל און פון וואַנען ער האָט געוווּסט, אַז דאָס איז פעטערס.

האנס האָט דערציילט, אַז ער איז הײַנט אין דער פרי געווען אין גרויס פאַרדרוס. ער איז אַרויס אויפן קאַנאַל און האָט ניט געזען זײַנע אייגענע טריט. מיט אַ מאָל האָט ער זיך אָן עפּעס פאַרטשעפּעט מיטן פוס און איז אַנידערגעפאַלן. דאַן ערשט האָט ער אַ קוק געטאָן אויפן אײַז און דערזען דאָס בײַטל.

פעטער האָט געוואָלט, אַז האנס זאָל נעמען אַ טייל פון דעם געלט, וואָס ער האָט געפונען. אָבער האנס האָט זיך אַזוי שטאַרק אָפּ-געזאָגט, אַז פעטער האָט שוין ניט געוואַגט מער צו ריידן וועגן דעם. ער האָט נאָר געבעטן, האנס זאָל אים דערציילן, פון וואָס ער איז געווען צעטראָגן הײַנט אין דער פרי.

— איך וועל אײַך דערציילן אַ צווייט מאָל. איצט אײַל איך זיך. איך מוז לויפן קיין ליידען צום דאָקטאָר בעקמאַן — האָט האנס גע-ענטפערט.

— לויפט ניט קיין ליידען — האָט פעטער געענטפערט — מאָרגן פרי וועלן מיר אַלע דאָרטן זײַן. און איך וועל אַרײַנגיין צו דאָקטאָר בעקמאַן און וועל אים זאָגן, וואָס איר דאַרפט.

— איך וועל אײַך זײַן זייער דאַנקבאַר דערפאַר — האָט האנס געענטפערט — ווײַל איך קען ניט לאָזן אויף לאַנג מײַן מוטער אַליין. איך בעט אײַך זייער אַרײַנגיין צום דאָקטאָר און אים דערמאָנען, אַז ער

האָט מיר צוגעזאָגט צו באַזוכן מײַן פּאַטער. איך װאָלט אים ניט דערמאָנט װעגן זײַן צוזאָג און מיר װאָלטן מיט געדולד געװאַרט, דער דאָקטאָר זאָל אַליין קומען, אָבער איצט איז מײַן אומגליקלעכן פּאַטער ערגער געװאָרן און מיר קענען מער ניט װאַרטן.

און האַנס האָט דערצײלט פּעטערן זײער אַ טרויעריקע געשיכטע. זײַן פּאַטער איז טאַקע צעמישט, אָבער ביז אַהער איז ער געװען רויק. ער פּלעגט נאָר זיצן און שװײַגן, אָדער אַמאָל שמײכלען װי אַ קליין קינד. אָבער נעכטן בײַנאַכט, װען האַנס און גרעטל האָבן זיך גע-גליטשט אויפן קאַנאַל, האָבן זײ דערהערט אַ געשריי. זײ זײַנען בײדע אַרײַנגעלאָפן אין שטיבל און האָבן דערזען אַ שרעקלעך בילד: דער אויװן האָט זיך געהייצט. די פלאַמען האָבן געפלאַקערט, און דער צעמישטער פּאַטער האָט געשטופּט זײער מוטער אין פײַער אַרײַן. זי האָט געשריגן, זיך געראַנגלט מיט אים, אָבער זי האָט זיך ניט געקענט אַרויסרײַסן פון זײַנע שטאַרקע הענט. דאָס קלייד האָט שוין געברענט אויף איר. האַנס האָט זיך גענומען ראַנגלען מיטן פּאַטער, אָבער ער האָט אים ניט געקענט בײַקומען. דער פּאַטער האָט אים אַ שטויס געטאָן און ער איז געפאַלן צו דער ערד. צום גליק האָט זיך גרעטעל ניט פאַרלאָרן. זי האָט געעפנט די שאַפע, אַרויסגעכאַפּט אַ שיסל מיט קאַשע און געװיזן דעם פּאַטער. דער צעמישטער האָט אָפּגעלאָזן די אומגליקלעכע פרוי ברינקער און אַ כאַפּ געטאָן די קאַשע.

האַנס האָט מיט גרויס מי אײַנגעלאָשן דער מוטערס ברענעדיקע קלייד.

נאָך דעם איז דער פּאַטער אַנידערגעפאַלן אויף דער ערד װי אַ טויטער. זײ האָבן אים אַלע דרײַ מיט גרויס מאַטערניש אַװעק-געלײגט אין בעט. איצט ליגט ער מיט פאַרמאַכטע אויגן אין גרויסער היץ. קענטיק, אַז ער האָט גרויסע שמערצן אין קאָפּ.

האַנס איז דאָס געלאָפן צום דאָקטאָר. אָבער זײַן האַרץ ציטערט. ער האָט מורא צו לאָזן די מוטער מיט גרעטלען אַליין מיט דעם צעמישטן.

פּעטערן האָט געגרוילט פון דער טרויעריקער געשיכטע. ער האָט נאָך אַמאָל באַדאַנקט האַנסן פאַר דאָס געלט און אים זײער געבעטן אַרײַנגײן צוזאַמען מיט דער גאַנצער קאָמפּאַניע אין רעסטאָ-ראַן און צוזאַמען אָפּעסן פרישטיק. האַנס האָט זיך אָבער אָפּגעזאָגט:

— ניין, ער קען ניט. ער מוז װאָס גיכער לויפן אַהיים צו דער מוטער און גרעטלען.

פּעטער האָט אים געדריקט די האַנט און בײדע יונגע מענטשן האָבן זיך צעשײדט.

---

## אַכטער קאַפּיטל.

# אַלע טראַכטן װעגן פּריז. די דרײַ חבֿרטעס. לעבן קראַנקן פּאַטערס בעט.

אונדזערע יונגע רײַזנדער זײַנען געװען פאַרכאַפּט מיט זייער רײַזע. אָבער זיי האָבן ניט פאַרגעסן װעגן געװעט, װאָס דאַרף פאָרקומען דעם 20טן. אין דער שטיל האָבן אַלע ניט אויפגעהערט צו טראַכטן װעגן די זילבערנע גליטשערס.

דער גאַסט פון ענגלאַנד, בען, האָט זייער געהאָפט, אַז ער װעט געװינען דעם פּריז.

מער ניט האַנס האָט ניט געטראַכט װעגן דעם געװעט. צו פיל זאָרג און פאַרדרוס האָט ער געהאַט. גרעטעל איז אַפילו גאַנצע נעכט געזעסן לעבן בעט פון איר קראַנקן פאָטער, און דאָך פלעגט זי חלומען װעגן די זילבערנע גליטשערס.

הײַנט װער רעדט שוין װעגן די דרײַ גליקלעכע מיידלעך רישי, הילדע און קאַטרינקע: טאָג און נאַכט האָבן זיי געהאַט נאָר איינס אין זינען — דאָס געװעט פון 20סטן.

די דרײַ מײַדלעך זײַנען געװען זייער באַפרײַנדעט צװישן זיך. אַלע דרײַ כמעט פון איין עלטער, אַלע זײַנען זיי געװען טעכטער פון רײַכע עלטערן, אַלע — גאַנץ פעיִקע און אַנטװיקלטע מיידלעך, און פון דעסט װעגן איז געװען צװישן זיי אַ גרויסער אונטערשייד.

מיט הילדען זײַנען מיר שוין אַ ביסל באַקאַנט. זי איז פערצן יאָר אַלט, האָט אַ גוט האַרץ, װאָס פילט מיט יענעמס לײדן, איז אַ קינד מיט גאָר אײדעלע געפילן.

רישי קאָרבעס איז זייער אַ שיינע, פיל שענער פאַר הילדען. אָבער זי האָט ניט קיין פרײַנדלעכן כאַראַקטער. זי איז שטאָלץ, האָט זיך ליב אויסצוצייכענען, פלעגט װעלן זײַן אַלע מאָל און אומעטום די ערשטע. אַנדערע פלעגט זי מקנא זײַן, און אָפט פלעגט זי פון קינאה װערן אויפגערעגט, אין כעס. פאַר פרעמדע מענטשן פלעגט זי דאָס ניט אַרויסװײַזן. דערפאַר פלעגן אָפט זען אירע טרערן, איר כעס דער פאָטער, די מוטער, דער ייִנגערער ברודער, די דינסטמיידל — אירע אַלע נאָענטע, װאָס האָבן זי זייער ליב געהאַט. אויף אָרעמע קינדער, װי האַנס און גרעטעל, האָט זי געקוקט מיט פאַר-

אכטונג. איר האָט זיך געדאַכט, אַז זיי זײַנען נידעריקער פון איר, אַז זיי זײַנען ניט ווערט צו זײַן אין איר געזעלשאַפט. זי האָט קיין מאָל ניט געהאַט קיין רַחמָנות אויף זיי.

גאָר אַן אַנדערע איז געווען קאַטרינקע. שטענדיק פריילעך, שטענדיק לאַכט זי. אַזוי ווי אַ זילבערן גלעקל קלינגט איר קול. זי איז אַזוי ווי אַ חינטל: הײַנט געפעלט איר איין זאַך, מאָרגן פאַרגעסט זי שוין, וואָס דאָס איז געווען. דאָס גלײַכן מיט מענטשן. מיט אַלעמען פאַרברענגט זי, אָבער צו קיינעם איז זי ניט צוגעבונדן צו שטאַרק. אַלע ווײַלע האָט זי נײַע חברטעס און חברים.

רישי האָט געוווינט אין אַ גרויסאַרטיקן הויז לעבן אַמסטערדאַם. די בופעטן זײַנען דאָרטן פול געווען מיט גאָלדענע און זילבערנע כּלים. און די ווענט זײַנען אָנשטאָט טאַפּעטן געווען באַצירגן מיט זײַדענע שטאָפן.

הילדעס פאָטער איז געווען דער גרעסטער סוחר אין בריאַק. דער דאַך פון זײַן הויז איז געווען געדעקט מיט די שענסטע קאַכלעס און די טירן פאַרצירט מיט זעלטענע שניצערײַען. דאָס איז געווען אַן אַרבעט פון באַרימטסטע קינסטלער.

קאַטרינקע האָט געוווינט אין איינער פון די שענסטע ווילעס אַ מײַל פון בריאַק. די ווילע איז געשטאַנען אין אַ גאָרטן, וואָס פלעגט באַצירבערן די אויגן מיט זײַנע וווּנדערלעכע בלומען.

רישי קאָרבעס האָט הערן ניט געוואָלט, אַז גרעטעל זאָל זיך באַטייליקן אין געווען.

— ווי אַזוי? זי, אין אירע שמאַטעס?! אַ מיידל וואָס פיטערט גענדז זאָל וואַגן זיך צו גליטשן און פאַרוועטן מיט די קינדער פון די רײַכסטע און בעסטע פאַמיליעס?

קוקנדיק אויף איר, האָט זיך קאַטרינקע אויך אַ קרים געטאָן, מיגלעך, אַז הילדע וואָלט באַוויזן פריִער מיט איר זיך דורכצוריידן, וואָלט קאַטרינקע גאָר אַנדערש געטראַכט וועגן גרעטלען. זי, קאַטרינקע, האָט דאָך קיין אייגענע מיינונג ניט געהאַט. זי פלעגט איבערריידן, וואָס אירע חברטעס פלעגן זאָגן. קיין בייז האַרץ האָט זי ניט געהאַט, און אויף הילדען פלעגט זי זיך זייער פאַרלאָזן.

• • •

לאָמיר זיך אומקערן צו גרעטלען. אַ, ווי טרויעריק ס'איז אין זייער קליינעם וואַלצ אײַנגעפאַלענעם הײַזל.

דער פאָטער ליגט אין בעט און קרעכצעט.

פרוי ברינקער זיצט לעבן אים און נעצט אים דעם שטערן און די פאַרבאַקטע ליפּן. אירע אויגן זײַנען פול מיט טרערן.

גרעטעל ציטערט מיט אַלע גלידער, אָבער זי באַהאַלט דאָס פון דער מוטער. מיט שטילע טריט גייט זי אַרום איבערן שטיבל און טוט אָפּ אַלע שטובארבעטן. זי בעט זיך בײַ דער מוטער, זי זאָל זיך אַ ווײַלע צושפּאַרן אויפן בעט און זיך אָפּרוען. מע קען זיך פאַרלאָזן אויף איר, אויף גרעטלען. זי וועט היטן דעם פאָטער און ניט אײַנדרימלען. פרוי ברינקער לייגט זיך אָבער ניט. זי טרעט ניט אָפּ פון קראַנקן מאַן.

גרעטעל גייט אַרויס אויף אַ ווײַלע אין דרויסן און אָטעמט אַרײַן אין זיך די ריינע פראָסטיקע לופט. קוקנדיק אויפן קאַנאַל דערמאָנט זי זיך וועגן די זילבערנע גליטשערס.

—„אויב דעם פאָטער וועט ניט ווערן בעסער — קלערט זי — וועל איך ניט קענען זײַן אויפן געוועט".

זי פאַרשעמט זיך אָבער פאַר אירע אייגענע געדאַנקען, גייט אַרײַן צוריק אין שטיבל און זעצט זיך לעבן דער מוטער.

* * *

אונדזער פריילעכע קאָמפּאַניע האָט אָפּגעגעסן אין אַ רעסטאָראַן. איצט גייט מען באַקוקן די שטאָט האַרלעם.

דער קאַפּיטאַן פּעטער איז פאַרטראַכט: ער קען זיך ניט פאַרגעסן וועגן האַנסן און זײַן פאָטער.

גייענדיק איבער די גאַסן פון האַרלעם האָט זיך בען, דער גאַסט פון ענגלאַנד, פאַרוווּנדערט, וואָס אויף די טירן פון עטלעכע הײַזער זײַנען געהאַנגען קנײַלכלעך באַוול. אויף איניקע — רויטע, אויף אַנדערע — ווײַסע. די חברים האָבן אים דערקלערט, אַז אין האַרלעם איז פאַראַן אַזאַ מינהג: ווּ עס ווערט געבוירן אַ קינד, הענגט מען דאָרט אַרויס אויף דער טיר אַ קנײַלכל: אַ ווײַסן — ווען עס ווערט געבוירן אַ מיידל, און אַ רויטן — ווען עס ווערט געבוירן אַ ייִנגל.

דאָס שענסטע אין האַרלעם זײַנען די בלומענגערטנער. ניטאָ נאָך אַזאַ אָרט, ווּ מע זאָל האָדעווען אַזוינע ווּנדערלעכע בלומען ווי אין האַרלעם. ניט אומזיסט שרײַבן אויס ליבהאָבער פון בלומען אין אַנדערע לענדער בלומען-זריעה און בלומען-ציבעלעס פון האַרלעם.

אַצינד זײַנען דאָך געווען באַקאַנט די שיינע בלומען ווי די בעכערס, וואָס הייסן טולפּעס, אָדער די שמעקעדיקע היאַצינטן, וואָס הייבן אָן צו בליִען אין די טעפּלעך שוין אין מיטן ווינטער.

די בעסטע סאָרטן טולפּעס און היאַצינטן באַקומט מען אין האַרלעם.

---

# א שיף — א שליטן. צוליב יאַקאָב פּאַטן בײַט מען דעם פּלאַן.

פון דאָרלעם זײַנען די ייִנגלעך געגאַנגען קיין לײדען.

דער קאַנאַל איז געװען זײער באַליבט. נאָך מער מענטשן אויף גליטשערס האָבן זיך אָנגעטראָפן אויף דער האָרלעמער אַזערע. יונג און אַלט—אַלע האָבן זיך געפילט אין די גליטשערס זײער פרײַ און זיך געגליטשט זײער פלינק.

די מענער האָבן דערבײַ כמעט אַלע גערויכערט פּיפּקעס.

אַלע פרויען, איבערהויפּט דאָרפישע, האָבן זיך געגליטשט מיט קלײנע קינדער אויף די הענט אָדער אויפן רוקן.

אַלטע באָבעס זײַנען געזעסן אויף שליטלעך־שטולן און מע האָט זײ אונטערגעשטופּט פון הינטן.

מע האָט ניט געקענט אָפּרײַסן די אויגן פון א שליטן, װאָס האָט אויסגעזען װי א שיפל. אויף דעם שיפל זײַנען געװען זײער גרויסע זעגלען, גרעסערע װי אויף אַן אמתער שיף.

די זעגלען האָט מען געקענט אײַנשטעלן װי מע האָט געװאָלט. דערצו איז אויף דעם שיפל געװען א רודער, װאָס מיט אים האָט מען געקענט קירעװען דעם מאָדנעם שליטן. אַנדערע שליטנס זײַנען געװען אויסגעפאַרבן מיט די ליכטיקסטע פאַרבן און אויף די מאַסטבײמער האָבן געװײט פאַנעס.

בען האָט זיך פאַרקוקט אויף אַזא באַזעגלטן שליטן, װאָס איז געפאָרן אַנטקעגן אים מיט גרויס גיכקײט. דער ייִנגל האָט ניט באַװיזן אָפּצושפּרינגען. דער שליטן האָט אים א װאָרף געטאָן אָן א זײַט און בען האָט זיך אויסגעצויגן. ער איז אָפּגעקומען מיט א שטאַרקן קלאַפּ. עס איז געװען א גליק, װאָס ער איז געפאַלן אָן א זײַט. װען דער שליטן פאָרט אים איבער, װאָלט ער שוין געבליבן ליגן אויף אײביק. דאָס האָט געדויערט א מינוט. אים האָט זיך געדוכט, אַז ער שטאַרבט און ער האָט זיך שוין אין דער שטיל געזעגנט מיט זײַנע עלטערן און געליבטע ברידער.

די פאַרבײַגײער האָבן אים נאָך אָנגעזידלט, װען ער האָט זיך אויפגעהויבן.

— ווי פאַרטראַכט זיך דאָס אַזוי אַ מענטש, ווען ער גליטשט זיך אויפן אײַז?

באַלד האָבן זיך אַלע ווידער באַרויִקט און מע איז געלאָפן פאָרויס.

איר געדענקט דאָך געוויס, אַז צווישן די ייִנגלעך איז אויך געווען דער גוטמוטיקער דיקער יאַקאָב פּאָאַט. ער האָט, נעבעך, געסאָפּעט. אים איז געווען זייער שווער צו לויפן פוס אין פוס מיט די איבעריקע חברים.

— לאָמיר זיך זעצן אויף אַ שליטנשיף און צופאָרן ביז ליידען — האָט ער זיך געבעטן.

אַלע האָבן פאַרשטאַנען, אַז פאַר יאַקאָבן איז דאָס טאַקע אַ צו שווערער וועג. אָבער אָפּזאָגן זיך פון גרויסן פּלאַן — דורכצומאַכן די גאַנצע רײַזע אויף גליטשערס — האָט זיך ניט געוואָלט.

דער קאַפּיטאַן האָט געהייסן זיך אָפּשטעלן. מע האָט געדאַרפט באַשליסן, צי זאָל מען נאָכגעבן יאַקאָבן אָדער ניט.

ווען יאַקאָב האָט אָבער באַמערקט, אַז מע וויל ניט בײַטן דעם פּלאַן, האָט ער דער ערשטער זיך אָפּגעזאָגט פון שליטן, און ס'איז געבליבן, אַז מע לויפט ווײַטער.

יאַקאָב איז, נעבעך, געלאָפן פון הינטן. אים איז געווען זייער שלעכט, אָבער ער האָט קיינעם ניט אויסגעזאָגט. דאָס האַרץ האָט געקלאַפּט, דער קאָפּ האָט זיך שרעקלעך געדרייט. מיטאַמאָל איז אים פינצטער געוואָרן אין די אויגן, און ער איז שווער אַנידערגעפאַלן אויפן אײַז. ווען פּעטער און בען זײַנען צוגעלאָפן צו אים, איז ער געלעגן ווי אַ טויטער. עס איז גלײַך געוואָרן אַ רעדל מענטשן אַרום אים. אַלע האָבן געגעבן עצות. בען און פּעטער האָבן אים געריבן מיט שניי. אַ פאַרבײַגייער האָט אים אַרײַנגעגאָסן אין מויל עטלעכע טראָפּנס ווײַן פון אַ פלאַש.

אויפן בלייכן פּנים האָט זיך באַוויזן פאַרב. דער אָטעם איז געוואָרן שטאַרקער. בען האָט געעפנט די אויגן און האָט אַ פאַרוווּנדערטער זיך אַרומגעקוקט. באַלד איז ער געקומען צו זיך און האָט געבעטן די חברים, זיי זאָלן אים מוחל זײַן, וואָס ער האָט זיי פאַרשטערט דעם פאַרגעניגן פון דער רײַזע.

איצט האָט מען שוין געמוזט נעמען אַ שליטן.

פּעטער האָט אָפּגעשטעלט אַ שליטנשיף, און אַלע האָבן זיך געזעצט. יאַקאָבן האָט מען אויף די הענט אַרויפגעטראָגן און גוט אײַנגעדעקט.

דער ווינט האָט געבלאָזן און דער שליטן איז געפאָרן זייער גיך. איבערהויפּט איז דאָס געפעלן בענען.

— מע פליט דאָך ווי אַ פויגל — האָט ער געזאָגט.

דער שיפער האָט דערקלערט, אַז זיי האָט אָפּגעגליקט: דער ווינט בלאָזט גראָד אין דער זייט, וווהין זיי דאַרפן אָרפן. און ער האָפט, אַז ער וועט זיי גאָר גיך ברענגען קיין ליידען. אָבער דער ווינט קען נאָך בייטן זיין ריכטונג. דאַן וועט ער, דער שיפער, שוין ניט קענען האַלטן וואָרט, ווייל אַלץ ווענדט זיך אָן ווינט, וואָס בלאָזט אין די זעגלען און שטופּט דעם שליטן.

דער ווינט האָט זיך ניט געביטן, און דער שליטן האָט גיך און גליקלעך געבראַכט אונדזער קאָמפּאַניע קיין ליידען.

---

צענטער קאַפּיטל

## אין האאג. די ערשטע פּארמעסטונג. דער שטורעם. אניע באומאן.

אין ליידען האָבּן אונדזערע רײַזנדער איבּערגענעכטיקט.

פּעטער איז עטלעכע מאָל געווען אין האָטעל, ווו דאָקטאָר בּעקמאַן שטעלט זיך אָפּ. אָבּער דער בּאַלעבאָס האָט אים געזאָגט, אַז דער דאָקטאָר איז נאָך דערוויַילע אין ליידען ניטאָ.

פּעטער האָט אים איבּערגעלאָזן אַ בּריוו און די קאָמפּאַניע איז אַוועק קיין האאג.

אַלע האָבּן זיך געפילט זייער פריש און שטאַרק. אַפילו אונדזער ליבּער יאַקאָבּ פּאָאָט מיט זיַין שווערן גוף האָט זיך לײַכט געטראָגן איבּערן גלאָטן איַיז.

אַ פּאָר מאָל פון האאג האָבּן אונדזערע רײַזנדער אויסגעזעאָן די גליטשערס. זיי זיַינען געגאַנגען דורך אַ גרויסאַרטיקן וואַלד. ווונדערלעך זיַינען אין דעם וואַלד די מעכטיקע בּיימער מיט די גראָבּע שטאַמען. מע היט אָפּ דעם וואַלד ווי דעם גרעסטן אוצר. אַפילו אַ קינד ווייס, אַז אין דעם וואַלד טאָר מען ניט אָפּבּרעכן דעם קלענסטן צווײַגל.

דאָס איז דער שענסטער שפּאַציראָרט אין דער אומגעגנט פון האאג.

אָט איז שוין די שטאָט אַליין. דאָ קומט שוין ניט אויס צו זוכן קיין רעסטאָראַן און קיין האָטעל צו נעכטיקן. פּעטערס פאַרהייראַטע שוועסטער נעמט צו די יונגע געסט מיט דער גרעסטער פרייד. זיי האָבּן איר אָבּער געמוזט זאָגן, אַז זיי וועלן פאַרבּרענגען בּיַי איר צוויי טעג.

פּעטער האָט גלײַך אויף מאָרגן אין דער פרי געשריבּן אַ בּריוו קיין בּריאַק צו זיַין מוטער, זי זאָל אַלעמענס עלטערן געבּן צו וויסן, אַז זיי שטעלן זיך אָפּ אויף לענגער אין האאג. דערבּיַי האָט ער אויך געבּעטן זיַין מוטער, זי זאָל זיך בּאַמיִען איבּערגעבּן האַנסן, אַז דעם דאָקטאָר בּעקמאַן האָט ער אין ליידען ניט געפונען. פּעטער האָט נאָך געבּעטן זיַין מוטער, זי זאָל דערווײַלע בּרענגען צן אַנדער דאָקטאָר צו גרעטעלס פאָטער.

אין האָלאַנד האָבן אונדזערע רײַזנדער באַזוכט אַ גרויסן מוזיי מיט בילדער און קאָלעקציעס פון פרעמדע לענדער. אויף די גאַסן האָט מען זיך ניט געקענט אָפּװוּנדערן, װי שטיל און רויִק די האָלענדישע אַרבעטער טוען זײער אַרבעט. איר הערט דאָ ניט קיין טומל, קיין לידער, קיין אויסגעשרײען. אַנשטאָט אַ װאָרט גיט מען דאָ אַ שאָקל מיטן קאָפּ, אַ מאַך מיט דער ליולקע אָדער מיטן רודער. גרויסע באָטן אָדער פורן מיט הערינג און גרויסע קעז װי די רעדער פירט מען צו צו די געשעפטן און לאַגערן און מע לאָדט זײ אויס אָן איין װאָרט.

אינטערעסאַנט איז אויך געװען צו באַמערקן, אַז אויף אַ פולע דעכער האָבן זיך געזען גרויסע נעסטן.

האָלאַנד פאַרמאָגט דאָך אַ פולע זומפּן. דערפאַר קומען אַהער צו פליִען אין פרילינג טויזנטער בושלען און קראַניכן.

איצט זײַנען די געפליגלטע געסט שוין געװען אין די װאַרעמע לענדער. אָבער די האָלענדער היטן אָפּ די נעסטן און װאַרטן מיט געדולד און פרייד, אַז אין פרילינג װעלן די פײגל װידער קומען.

אין האָלאַנד האָט מען אויך געקענט זען אויף די גאַסן זײער פיל װעגעלעך, װאָס אין זײ זײַנען אײַנגעשפּאַנט הינט. מע פירט אין זײ מילך און הערינג צו פאַרקויפן.

איר װייסט דאָך אויך געװיס, אַז אין האָלאַנד פאַנגט מען בײַ די ברעגעס פון ים זײער פיל הערינג און אַז פון דעם פאַנג און דעם פאַרקויף פון הערינג לעבן טויזנטער מענטשן אין דעם לאַנד.

פאַרלאָזנדיק האָלאַנד, האָט פּעטער אָפּגעגעבן אַ באַפעל, מע זאָל מאַכן אַ פאַרמעסט, װער ס׳װעט גיכער צולויפן אויף די גליטשערס צו דעם אָרט, װוּ דער קאַנאַל פאַרבײגט זיך אָן אַ זײַט. װער עס װעט קומען דער ערשטער, דער װעט װערן קאַפּיטאַן אויפן צוריקװעג.

דער װעג איז געװען פרײַ. אַלע זײַנען געװען אויסגערוט און דערפאַר האָט מען אָנגענומען דעם באַפעל מיט פרייד, מיט אַ הילכיקן „הוראַ“. אַלע האָבן זיך גענומען טראָגן מיט דער גרעסטער גיכקייט. ביסלעכװײַז אָבער האָט איינער גענומען אָפּשטיין נאָך דעם אַנדערן.

דעם גוטן אָנהײב האָט געמאַכט יאַקאָב פּאָאָט — ער האָט פאַרלאָרן דאָס גלײַכגעװיכט, איז אַנידערגעפאַלן, האָט זיך אויפגעהויבן מיט אַ געלעכטער און האָט אויסגערופן:

— איך װיל ניט זײַן קיין קאַפּיטאַן!

נאָך אים איז געפאַלן אַ צװייטער, דערנאָך אַ דריטער.

געפאַלן איז אויך קאַרל. דערבײַ איז ער רויט געװאָרן פון

פאַרדרוס. ער האָט מקנא געווען פעטערן, וואָס אים האָט מען אויסגע־קליבן פאַר אַ קאַפּיטאַן, און ער האָט געהאַפּט אים אַריבערצויאָגן און איבערצונעמען די פירונג איבער די חברים.

לענגער פון אַלעמען האָבן זיך געהאַלטן דער ענגלענדער בען און אונדזער קאַפּיטאַן פעטער. די איבעריקע האָבן מיט שפּאַנונג זיי נאָכגעפאָלגט. ס'איז שוין געווען אַ מאָמענט, ווען בען איז שוין געווען אַ שטיקעלע פאָרויס. אָבער פעטער האָט אים באַלד אַריבער־געיאָגט און איז דער ערשטער געקומען צו דעם באַשטימטן אָרט.

די יינגלעך זיינען געווען זייער שטאָלץ מיט זייער קאַפּיטאַן.

בענס פּנים איז געווען רויט פון אויפרעגונג און מידקייט. אים האָט זיך זייער געוואָלט באַזיגן פעטערן, אָבער ער איז געווען אַן ערלעכער און גוטער יינגל. ער האָט פעטערן ניט מקנא געווען און האָט זיך נאָר געוווּנדערט, ווי פלינק דער קאַפּיטאַן איז.

— איר זייט אַזוי ווי אַן אייזנבאַן, און ווער קען זיך פאַר־מעסטן מיט אייך! —

* * *

גיך און פריילעך איז די קאָמפּאַניע אָפּגעלאָפן אַ האַלבן וועג צווישן האַאַג און האַארלעם, אַט זיינען זיי שוין לעבן דאָרף וואָר־בורג. אָבער דאָ מוזן זיי זיך אָפּשטעלן און זיך באַראַטן וואָס ווייטער צו טאָן. דער ווינט, וואָס בלאָזט אַנטקעגן, שטאַרק זיך. עס קען ווערן אַ שטורעם. און אין אַ שטורעם האָט גיט קיין זינען צו לויפן ווייטער.

די מיינונגען האָבן זיך צעטיילט. קאַרל האָט אויסגעלאַכט די חברים, וואָס האָבן פאָרגעלייגט אָפּצוּוואַרטן, ביז וואַנען דער שטורעם וועט זיך איינשטילן.

— ווען מיר זאָלן זיך אַלץ רעכענען מיט אונדזערע שוואַכינקע, וועלן מיר ווייט ניט אַוועקפאָרן — האָט ער בייז געזאָגט, קוקנדיק אויפן דיקן יאַקאָבן, וואָס האָט זיך קוים געהאַלטן אויף די פיס.

אָבער קאַרל האָט נאָר ניט באַוויזן אויסצורייידן דאָס לעצטע וואָרט, ווי אַ שטאַרקער שטויס פון ווינט האָט אים אַנידערגעוואָרפן אויפן אייז.

מע איז געלאָפן צום דאָרף און מע האָט זיך פאַרקליבן אויפן הויף פון אַ דאָרפישן רעסטאָראַן. דער הויף איז געווען אויסגעבוּרד־קירט מיט גלאַטע ציגל, גוט פאַרשטעלט פון ווינט, און חברה האָט דאָ ניט שלעכט פאַרבראַכט. מע האָט געשפּילט אין קעגל.

דערבײַ האָט זיך אַרױסגעװיזן, אַז דער דיקער יאַקאָב, האָט איז אַלץ אָפּגעשטאַנען פֿון די איבעריקע חבֿרים, איז אַן אױסגע־צײכנטער שפּילער: ער קען אױפֿהײבן דעם גרעסטן קעגלקױל, אַזױ װי ער װאָלט געװען גרינג װי אַ פֿעדער. געבן אים אַ װאָרף און אַלע מאָל טרעפֿן אין ציל.

די חבֿרים האָבן אים זײער געלױבט.

יאַקאָב האָט זיך פֿאַרשעמט און זיך אַזױ װי פֿאַרענטפֿערט:

— נו, אַ װוּנדער, אַז איך טרעף. זעט, סאַר אַ גראָבע הענט איך האָב.

די חבֿרה האָט זיך גוט אױסגעשלאָפֿן אין דאָרפֿישן האָטעל. דער שטורעם האָט זיך אײַנגעשטילט, און גאָר פֿרי איז מען שױן געפֿלױגן װײַטער און אָנגעקומען קײן לײדן.

דאָ איז פּעטער װידער אַרײַן אין האָטעל, װוּ דאָקטאָר בערקמאַן פֿלעגט זיך אָפּשטעלן. פּעטער איז געבליבן זײער אַ צופֿרידענער פֿון דעם באַלעבאָס׳ ענטפֿער:

— דאָקטאָר בערקמאַן איז געװען. ער האָט איבערגעלײענט דעם בריװ און צוגעזאָגט װאָס גיכער צו פֿאָרן קײן בריאַק צו האַנס׳ קראַנקן פֿאָטער.

הינטער אַמסטערדאַם האָבן זיך די חבֿרים געזעגנט און צע־שײדט. מע איז געלאָפֿן יעדערער צו זיך אַהײם.

* * *

לעבן בריאַק זײַנען אַרױסגעלאָפֿן באַגעגענען די קאָמפּאַניע די מײדלעך: הילדע, קאַטרינקע, רישי.

צװישן זײ איז אױך געװען אַניע בױמאַן.

װעגן איר האָב איך נאָך גאָרנישט דערצײלט. זי האָט זיך גע־לערנט צוזאַמען מיט די איבעריקע מײדלעך. אירע עלטערן זײַנען געװען פּױערים, אָבער זײער רײַכע. דאָס גרױסע הױז איז געװען פֿול מיט אַלדאָס גוטס. אָבער װי שטיל און אומעטיק איז דאָרטן געװען: דער פּאַרקעט אױפֿן דיל האָט געגלאַנצט װי אַ קאַלטער שפּיגל. אין שײנעם גאָרטן האָבן זיך געזען צװישן די בלומען פּאַװעס און שװאַנען. מײנט אָבער ניט, אַז דאָס זײַנען געװען לעבעדיקע פֿײגל. נײן, די פֿײגל זײַנען געװען אױסגעשניצט פֿון האָלץ. אַזױ קונציק אױסגעשניצט, אַז איר האָט געקענט מײנען, אַז זײ זײַנען לעבעדיקע.

אַזאַ מאָדע איז שױן אין האָלאַנד: מע פּוצט צו די סעדער מיט הילצערנע פֿיגורן.

אַניע ברימאַן איז קיין מאָל ניט געװען אַזוי פריילעך װי אירע חבֿרטעס. הײַנט איז זי אױך דאָ אױפֿן קאַנאַל. זי איז אָבער געקומען ניט צוליב דער פריילעכער קאָמפּאַניע. זי זוכט גרעטלען. גרעטעל פיטערס געװנדז. אָבער אַניע איז צו גוט און קלוג, זי זאָל זיך שעמען מיט איר אָרעמער חבֿרטע. פאַרקערט. װען די איבעריקע מיידלעך לאַכן אָפּ פֿון גרעטלען, זאָגט זי אַלע מאָל:

—זאיר מעגט זיך נאָך לערנען בײַ גרעטלען ניט נאָר געװנדז פיטערן. זי איז די בעסטע און קליגסטע דאָ אין דאָרף.

# דער קריזיס. גרעטעל און הילדע.

שוין פיר טעג, ווי פרוי ברינקער און גרעטעל טרעטן ניט אָפּ פון קראַנקנס בעט. ראָף ברינקער איז בלייך ווי א טויטער. די היץ איז געפאַלן, אָבער ער ליגט נאָך אַלץ אָן באַוווּסטזײַן.

הײַנט זײַנען זיי ניט אַליין, די מוטער און גרעטעל. האַנס שטייט לעבן פענצטער און ניט ווײַט פון אים שטייט ד"ר בעקמאַן. ער איז געקומען צום קראַנקן מיט זײַן געהילף, א דיקן יונגן מאַן.

דאָקטאָר בעקמאַן קוקט אויפמערקזאַם אויפן קראַנקן און דערציילט עפּעס גאָר שטיל זײַן געהילף. דער פאַל איז זייער א שווערער. ער דערמאָנט זיך, ווי אַן אַנדער גרויסער דאָקטאָר האָט אַזאַ קראַנקן געמאַכט אַן אָפּעראַציע. דער קראַנקער איז אַמאָל אַראָפּגעפאַלן פון א מיל. נאָכן פאַל איז ער געוואָרן משוגע. מע האָט אים געמאַכט אַן אָפּעראַציע אין קאָפּ און מע האָט געפונען די סיבה פון זײַן קראַנקייט. די אָפּעראַציע איז זייער א געפערלעכע, ניט אַלע טראָגן עס אַריבער. יענער מילנער איז אויך געשטאָרבן. אָבער מע טאָר ניט פאַרלירן די האָפענונג. ער, ד"ר בעקמאַן, מיינט, אַז ראָף ברינקערן דאַרף מען אויך מאַכן אַן אָפּעראַציע. ער איז א שטאַרקער און ער וועט די געפערלעכע אָפּעראַציע אַריבערטראָגן.

דאָקטאָר בעקמאַן האָט צוגערופן האַנסן:

— דײַן פאָטער מוז מען מאַכן אַן אָפּעראַציע, מײַן קינד — האָט דער דאָקטאָר געזאָגט — אָבער ער קאָן אויך שטאַרבן אונטער מײַנע הענט. רייד זיך דורך מיט דײַן מוטער. אין דעם איצטיקן צושטאַנד וועט דער פאָטער אויך ניט קענען לאַנג לעבן. און אַזוי איז נאָך פאַראַן א האָפענונג, ער זאָל געזונט ווערן.

האַנסן האָבן זיך געשטעלט טרערן אין די אויגן. ער איז צוגעגאַנגען צו דער מוטער. ער האָט אָבער ניט געהאַלט, אַז גרעטעל זאָל הערן. ער האָט מיט א ווונק אָפּגערופן די מוטער און האָט איר איבערגעגעבן דעם דאָקטאָרס ווערטער.

בײַ פרוי ברינקער האָט זיך אַרויסגעריסן א פאַרשטיקטער געוויין. זי האָט זיך אָבער באַלד גענומען אין די הענט. האָט אויפ־

געהערט צו וויינען און איז צוגעגאנגען צום מאנס בעט. זי איז לאנג געשטאנען לעבן אים.

דער דאָקטאָר האָט געדולדיק געוואַרט אויף איר ענטפער.

גרעטעל האָט ניט געוווּסט, וועגן וואָס די מוטער האָט זיך אַזוי טיף פאַרקלערט. זי האָט אָבער דערפילט, אַז פון דער מוטער פאַרלאַנגט מען עפּעס און זי קען זיך ניט באַשליסן.

דער דאָקטאָר האָט פאַרלאָרן די געדולד. ער איז געווען טיף גערירט פון דעם, וואָס ער האָט דאָ געזען אין שטיבל. ער האָט מיטן גאַנצן האַרצן מיטגעפילט זייער ווייטיק, האָט אָבער ניט ליב געהאַט אַרויסצווייזן זיין גוט האַרץ.

מיט גאָר אַ שטרענגער שטים האָט ער געזאָגט צו פרוי ברינקער:

— איר מוזט זיך באַשליסן און גלייך געבן אַן ענטפער. אַבער מאַן קען שטאַרבן פון דער אָפּעראַציע, אָבער ער קען אויך אין גאַנצן געזונט ווערן.

פרוי ברינקער האָט פאַרבראָכן די הענט. זי האָט ווידער גענומען ביטער וויינען. האַנס האָט איר געגלעט די הענט. מיטאַמאָל האָט זי זיך אויסגעגלייכט, האָט אויסגעווישט די אויגן און מיט אַ פעסטער שטים געזאָגט:

— דאָקטאָר, איך האָב זיך באַשלאָסן. איך פאַרלאָז זיך אויף אייך. ראַטעוועט מיין מאַן און מאַכט אים די געפערלעכע אָפּעראַציע.

דער דאָקטאָר האָט עפּעס שטיל געזאָגט צו זיין געהילף און יענער האָט געעפנט אַ קעסטעלע מיט בלישטשנדיקע אינסטרומענטן.

ווען גרעטעל האָט דאָס דערזען, האָט זי גענומען וויינען:

— מאַמע — האָט זי זיך גענומען בעטן — לאָז ניט שניידן דעם פאָטער.

פרוי ברינקער האָט גרעטלען באַרויִקט און אַרויסגעפירט זי פון שטיבל.

אין פאָרהויז איז געשטאַנען אַ בענקל. גרעטעל איז מיט אַ געוויין צוגעפאַלן צום בענקל.

פרוי ברינקער איז ווידער אַריין אין שטיבל.

— דאָקטאָר—האָט זי געזאָגט—איך מוז בלייבן לעבן מיין מאַן. זייט רויִק. איך וועל ניט וויינען, ניט שרייען. איך וועל אייך ניט שטערן אין אייער אַרבעט.

דאָקטאָר בעקמאַן איז דערמיט געווען ניט צופרידן. ער האָט אָבער ניט געוואָלט פאַרשאַפן פרוי ברינקער נאָך מער פּיין און האָט דערלויבט איר און האַנסן צו בלייבן, ווען ער וועט מאַכן די אָפּעראַציע.

גרעטעל האָט מיט אַ ציטעריק האַרץ זיך צוגעהערט צום פֿאָטערס קרעכצן. דערנאָך איז אין שטיבל גאָר שטיל געוואָרן. די שטילקייט האָט זי נאָך מער געשראָקן. זי איז אַרויס פֿון שטיבל און איז צו-געגאַנגען צום פֿענצטער. ער איז אָבער געווען פֿאַרהאַנגען און זי האָט קיין זאַך ניט געקענט זען. זי איז אַלץ אַרומגעגאַנגען אַרום פֿענצטער. דערנאָך האָט איר גענומען שוידערן פֿון קעלט. זי האָט זיך אַראָפּגעלאָזן אויף דער ערד, האָט זיך אײַנגעקאָרטשעט און אײַנ-געטוליעט אין אירע שמאַטעס. פֿון מידקייט, אויפֿרעגונג און קעלט איז זי אײַנגעשלאָפֿן.

דאָס איז אָבער געווען אַזאַ שווערער, אַזאַ אומרויִקער שלאָף. איר האָט זיך אַלץ געדוכט, אַז עמעץ אַן אומבאַקאַנטער האַלט קעגן איר אַ בלאַנקן מעסער. שלאָפֿנדיק אַזוי אויפֿן פֿראָסט האָט גרעטעל געקענט פֿאַרפֿראָרן ווערן.

דערווײַל אָבער האָט גענומען קלינגען דער שולגלאָק. עס האָט זיך אָנגעהויבן די גרויסע הפּסקה. די קינדער זײַנען אַרויסגעלאָפֿן פֿון שול אויפֿן אײַז. צווישן זיי איז אויך געווען הילדע. זי האָט פֿון ווײַטן באַמערקט, אַז לעבן שטיבל ליגט עמעץ. זי איז צוגעלאָפֿן און האָט צו איר גרויס וווּנדער דערזען, אַז דאָס איז גרעטעל. זי האָט די גענומען שלעפּן פֿאַר דער האַנט און וועקן.

— גרעטעל! גרעטעלי! — האָט זי געשריִען — ווער שלאָפֿט דאָס אין אין אַזאַ פֿראָסט אין דרויסן? גיכער כאַפּ זיך אויף, שטיי אויף! מע קען דאָך פֿאַרפֿראָרן ווערן!

גרעטעל האָט זיך אויפֿגעכאַפּט פֿון איר שווערן שלאָף, האָט זיך גלײַך דערמאָנט אָן פֿאָטערס אָפּעראַציע און אָנגעהויבן וויינען.

הילדע האָט ניט געוווּסט, ווי גרעטעלען צו באַרויִקן. זי האָט זי געגלעט, געריבן די פֿאַרפֿראָרענע הענט און צוגעפֿירט צום פֿענצטער פֿון שטיבל, ווו ס'האָט זיך געזען אַ לעכל פֿון פֿאָרהאַנג.

גרעטעל האָט זיך אײַנגעקוקט:

דער פֿאָטער איז געלעגן מיט אַ פֿאַרבאַנדאַזשירטן קאָפּ. לעבן אים איז געזעסן די מוטער אַזוי ווי אַ פֿאַרגליווערטע. אירע אויגן זײַנען געווען טרויעריק און דערשראָקן.

— איר זעט — האָט הילדע געזאָגט צו גרעטעלען — די אָפּעראַציע איז שוין געענדיקט. אײַער פֿאָטער וועט ווערן בעסער. איר קענט שוין אַרײַנגיין אין שטיבל.

עס האָט זיך דערהערט דער קלונג פֿון שולגלאָק. הילדע האָט

אַ קוש געגעבן גרעטלען אין אירע פאַרחייַנטע אויגן און איז אַוועק-
בעלאָסן אין שול.
גרעטעל איז אויף די ציפּקעס אַרײַן אין שטיבל. דער מוטערס
באַקן האָבן געברענט און די הענט זײַנען געהען קאַלט ווי אײַז.

---

צוועלפטער קאפיטל.

## דער קראנקער כאפט זיך אויף. נײַע זארג.

אָט האָט זיך דער קראנקער שטיל א ריר געטאָן. דער דאָקטאָר האָט זיך אַוועקגעבויגן צום קראנקן. ראף ברינקער האָט אויפגעהויבן די האנט און א טאפ געטאָן דעם באנדאזש. עס האָט גערוכט, אז ער מאכט די באוועגונג מיט שכל.

דער דאָקטאָר האָט געקוקט אויף אים מיט א פאַרהאלטענעם אָטעם.

ראף ברינקער האָט מיט א מאָל געעפנט די אויגן. זײַנע ליפּן האָבן זיך גענומען שטיל באוועגן.

— שטילער, שטילער—האָט ער געזאָגט—הייבט אויף דעם זעגל. ברידער. איצט לאָזט אים אראָפּ צו דער ערד. דאָס וואסער הייבט זיך. מע טאָר קיין צײַט ניט פארלירן.

פּרוי ברינקער האָט זיך א וואָרף געטאָן צו אים:

— ראף, ראף, פרײַנד מײַנער, זאָג מיר עפּעס!

— דאָס ביסטו, מײטע? — האָט דער קראנקער געפרעגט מיט א שוואכער שטים.—וואָס האָט פּאסירט מיט מיר? מיר דוכט זיך, אז איך בין געווען פארוווּנדעט און אז איך בין אײַנגעשלאָפן... ווו איז אונדזער קליינינקער האנס?

— איך בין דאָ, פאָטער—האָט האנס אויסגעשריִען. אויסער זיך פון פרייד.

דער דאָקטאָר האָט אים אָבער אָפּגעשטעלט.

— ער דערמאָנט זיך. ער דערקענט אונדז!—האָט אויסגעשריִען פרוי ברינקער.—גרעטעל, גרעטעל, גיי צו צום פאָטער!

דער דאָקטאָר האָט זיי ניט געוואָלט צולאָזן צום בעט. ער האָט זיך געשראָקן, אז די אויפרעגונג איז פאַרן קראנקן צו גרויס און דערפאר אויך צו געפערלעך. אָבער זיי האָבן דעם דאָקטאָר ניט געפאָלגט. אלע דרײַ האָבן זיך אײַנגעבויגן צום קראנקן.

— דאָס קינד שלאָפט, מײטע? — האָט ראף ברינקער געפרעגט?

— דאָס קינד?—האָט איבערגעפרעגט פרוי ברינקער:—דאָס מיינט ער דיך, גרעטעל. פריִער האָט ער זיך דערמאָנט וועגן איין קינד און דערנאָך וועגן צווייטן. צען יאָר האָט ער אזוי ווי געשלאָפן...

און באַלד האָט זי זיך געווענדעט צום דאָקטאָר:

— הער דאָקטאָר, איר האָט דאָך אונדז אַלעמען געראַטעוועט! קינדער, וואָס דאַנקט איר ניט דעם דאָקטאָר!

הער וואָלט איצט דערקענט דאָקטאָר בעקמאַנען! דאָס איז געווען גאָר אַן אַנדער מענטש. ווו איז זײַן שטרענגער פּנים? זײַן בייזער בליק? זײַן האַרטע שטים? זײַן קאָפּ איז אַזוי איידל, אַזוי שיין. די אויגן לויכטן, עס שײַנט פון זיי אַרויס אַזוי פיל גוטסקייט, אַזוי פיל ליבע צו מענטשן!

— וואָס קוקט איר אַלע אַזוי אויף מיר? — האָט דער קראַנקער מיט אַ מאָל געפרעגט. — איך פיל זיך עפּעס אַזוי שוואַך... שוואַך...

— פרוי ברינקער — האָט דאָקטאָר בעקמאַן געזאָגט — אַבער מען דאַרף האָבן פולע. גאָר פולע רו. איר פאַרשטייט מיך? ער קען שטאַרבן פון שוואַכקייט און איבערעגונג. עכן טאָרט איר אים הײַנט ניט געבן. געדענקט: פולע רו. ריזיקירט ניט מיט אַבער מאַנס לעבן און רעדט ניט מיט אים.

דער דאָקטאָר און זײַן אַסיסטענט זײַנען אַוועקגעפאָרן.

---

הילדע האָט פאַרשפּעטיקט אין שול. זי האָט זיך צו לאַנג פאַרהאַלטן לעבן גרעטעלס שטיבל. די לערערין האָט איר שטרענג דערפאַר אויסגערעדט. אָבער הילדע איז געווען פאַרנומען גאָר מיט אַנדערע געדאַנקען: זי האָט אַלץ געזען פאַר זיך דאָס שטיבל און דעם קראַנקן נאָך דער אָפּעראַציע.

אונדזערע יונגע רײַזנדער זײַנען אפילו אויפגעשטאַנען פרי, אָבער אין שול האָט זיך ניט געוואָלט גיין. אייך פּעטער האָט זיך געפילט פריש און מונטער. ער האָט באַוויזן פאַר דער שול אַרײַנצולויפן צו אַלע יינגלעך, זיי זאָלן גיין לערנען.

אין שול האָבן זיך אַלע געפילט ניט צו גוט. מע האָט אָפּגעלעבט, ווען דער זייגער האָט געשלאָגן צוועלף און אַלע האָבן זיך אַרויסגעשאָטן אויבן אַמו. פּעטער האָט זיך דער ערשטער דערוווּסט פון הילדען וועגן דער געפערלעכער אָפּעראַציע. די איבעריקע האָבן זיך דערוווּסט וועגן דער גרויסער געשעעניש פון דאָקטאָרס קוטשער.

חבֿרה האָט באַמערקט דעם דאָקטאָר בעקמאַנס קאַראַט ניט ווײַט פון „אידיאַטס" שטיבל און מע האָט גענומען אויספרעגן דעם אַלטן פורמאַן. פון אים איז אָבער ניט אַזוי גרינג געווען אַרויסצוקריגן אַ וואָרט. ער איז געזעסן אויף דער קעלניע ווי אַ פאַרשטײנערטער. חבֿרה האָט אים אַ רוק געטאָן אין האַנט קיכלעך, וואָס זײַנען איבערגעבליבן פון פרישטיק. און בײַם אַלטן האָט זיך געעפנט דאָס מויל.

אין אַ װײַלע אַרום האָבן שױן אַלע געװוּסט, אַז דאָקטאָר בעק־מאַן האָט געראַטעװעט דעם קראַנקן; אַז ראַף ברינקער איז געקומען צו זיך. האָט דערקענט זײַן פֿרוי און די קינדער און רעדט שױן װי אַ קלאָרער.

אױף מאָרגן איז דאָקטאָר בעקמאַן װידער געקומען אין שטיבל.
אַלע זײַנען געװען אַזױ רויִק, אַזױ גליקלעך.
דער קראַנקער האָט געדרעמלט.

האַנס איז געװען אין בריאַק. ער האָט געזוכט אַרבעט. פֿרוי ברינקער האָט געשטריקט. און גרעטעל האָט געקנאָטן קאָרענע טײג.

דער דאָקטאָר האָט זיך אײַנגעקוקט אױפֿן קראַנקן און איז געבליבן זײער צופֿרידן מיט אים. פֿרוי ברינקער האָט ער אָנגעזאָגט, אַז זי זאָל אים געבן גוט עסן, אָבער זי זאָל זיך היטן אים צו געבן שװאַרצע ברויט אָדער קאַשע. דער קראַנקער מוז האָבן פֿרישע פֿלײש, װײַסע ברויט, װײַן. מע מוז אים אײַנדעקן לײַכט און װאַרעם.

פֿון דעם דאָקטאָרס װערטער איז פֿרוי ברינקערס פּנים געװאָרן פֿינצטער.

גרעטעל האָט באַגאָסן מיט טרערן דעם טײג, װאָס זי האָט גע־קנאָטן.

דער דאָקטאָר איז אַװעק. די פֿרײד איז פֿאַרשטערט. װוּ נעמט מען דאָס אַלץ פֿאַרן קראַנקן? דער טאָרף גײט אױס. באַלד װעט שױן ניט זײַן מיט װאָס צו הײצן. די פּאָר זילבערנע מטבעות. װאָס זי האָט געהאַט, זײַנען לאַנג אױסגעגעבן.

האַנס האָט אין בריאַק קײן אַרבעט ניט געקראָגן. אים איז אַזױ שװער אױפֿן האַרצן. ער גײט זיך אָבער ניט אַרױס. ער באַרויִקט די מוטער. ער װעט פּרובירן זוכן אַרבעט אין אַמסטערדאַם. ער איז זיכער, אַז ער װעט נאָך הײַנט אין אָװנט קענען עפּעס קױפֿן פֿאַרן פֿאָטער.

ער גײט אַרױס פֿון שטוב. אפֿשר גײן צו פּעטערן? לײַען בײַ אים עפּעס געלט? ער װעט אים אָװעקגעבן, װען ער װעט פֿאַרדינען.

אָט איז שױן פּעטערס הױז. אָבער האַנס שטעלט זיך אָפּ און פֿאַרקירעװעט זיך אױף צוריק אַהײם. בעטן? נײן, דאָס קען ער ניט. ער דערמאָנט זיך װעגן זײגער. איצט קען מען זיך דאָך מיטן פֿאָטער צונױפֿרײדן. ער װעט גײן אַהײם און פֿרעגן דעם פֿאָטער, װאָס דאָס איז פֿאַר אַ זײגער און פֿאַרװאָס האָט ער אָנגעזאָגט דער מוטער, זי זאָל אים אַזױ היטן? אפֿשר װעט דער פֿאָטער דערלױבן פֿאַרקױפֿן דעם זײגער?

און האַנס לױפֿט אין אײן אָטעם צוריק אַהײם.

דרײַצנטער קאַפּיטל.

## דער פֿאָטער ווערט געזונט. טויזנט פּלאַנען.

האַנס איז געלאָפֿן ווי אַ פֿײַל פֿון בויגן. אין עטלעכע מינוט אַרום איז ער שוין געווען לעבן שטיבל מיט די גליטשערס אין די הענט.

בײַ דער טיר האָט אים באַגעגנט די מוטער. איר פּנים איז געווען רויק.

— האַנס — האָט זי געזאָגט — מע האָט אַרײַנגעשיקט פֿאַרן פֿאָטער אַזוי פֿיל גוטע זאַכן: פֿלייש, הײַן, ווײַסע ברויט, זעמעלע, אַ גאַנצן קאָרב. דאָס מוז זײַן הילדעס אַרבעט. און דער דאָקטאָר האָט צוגעשיקט אַ באַקוועמע בעט מיט וואַרעמע דעקעס און אַ פֿלאַש ווײַן.

בײַ האַנסן האָבן זיך געשטעלט טרערן אין די אויגן.

ראַף בריקנער האָט זיך אויף אַזוי פֿיל גוט געפֿילט, אַז ער האָט געבעטן, מע זאָל אים אויפֿזעצן אויף אַ שטול אַנטקעגן פֿענצטער.

האַנס איז געווען שטאָלץ, וואָס ער קען מיט זײַן שטאַרקער האַנט אונטערהאַלטן דעם פֿאָטער.

ראַף בריקנער האָט זיך געזעצט און זיך אַרומגעקוקט אין אַלע זײַטן אַזוי, ווי ער וואָלט צום ערשטן מאָל געזען זײַן אייגן שטיבל. וואָס איז דער הונגער? צען יאָר זײַנען דאָך פֿאַרבײַ זינט יענער נאַכט, ווען ער האָט פֿאַרלאָרן דעם זכּרון און דעם שׂכל. איבערהויפּט האָט ער זיך געפֿרייט מיט גרעטלען. ער האָט זי צוגערופֿן צו זיך, געגלעט איר בלאָנדן קאָפּ, געקוקט אין אירע בלויע אויגן.

— דו געדענקסט דאָס ליד, וואָס דו פֿלעגסט זינגען, ווען דו ביסט נאָך געווען גאָר אַ קליין מיידעלע?

— איך געדענק עס, פֿאָטער — האָט גרעטעל געענטפֿערט.

און זי האָט גענומען זינגען אַ קינדערש לידל.

האַנס האָט דערווײַל אַרויסגענומען פֿון דער שאַפֿע אַ שטיקל האָלץ און דערלאַנגט עס דעם פֿאָטער.

— איך דערקען עס. איך האָב דאָס אָנגעהויבן אויסצושנײַדן פֿאַר דיר אַ שיפֿל — האָט געזאָגט ראַף בריקנער — ווען מײַנע הענט וועלן שטאַרקער ווערן, וועל איך עס ענדיקן. אָבער נײַן — האָט ער

צוגעגעבן מיט א שמייכל — דו ביסט דאָך שוין גאָר אַ גרויסער און דאַרפסט שוין ניט קיין שפּילצייג... אָבער וואָס איז מיט מיר געווען? ווי לאַנג בין איך דאָס קראַנק? מיר דאַכט זיך, אַז אַראָפּגעפאַלן בין איך פון דער דאַמבע נעכטן.

פרוי בריקנער האָט אַ זיפץ געטאָן. איר האָט זיך ניט געוואָלט דערציילן איר מאַן, אַז גאַנצע צוויי יאָר איז ער געווען צעמישט. דערפאַר האָט זי זיך געמיט אָנצוהייבן אַ געשפּרעך וועגן אַן אַנדער זאַך.

אזוי איז מען געזעסן און רויִק געשמועסט. ראַף בריקנער האָט זיך פאַרגעסן. האַנס האָט אים געהאָלפן זיך לייגן אין בעט.

פרוי בריקנער האָט זיך גענומען פאַר איר אַרבעט און גאָר שטיל געזאָגט צו האַנסן:

— אויב דעם פאָטער וועט וואַטער זיין אַזוי ווי היינט, וועלן מיר אים קענען פרעגן וועגן די טויזנט פלאָרינען, וואָס זיינען פאַרפאַלן געוואָרן אין דעם טאָג פון גרויסן אומגליק.

האַנס האָט איר געמאַכט אַ צייכן, זי זאָל שווייגן, ווייל ער האָט באַמערקט, אַז דער פאָטער שלאָפט ניט און אַז ער הערט זיך צו צום געשפּרעך.

— וואָס איז? — האָט ראַף בריקנער געפרעגט — וועגן וואָסערע טויזנט פלאָרינען רעדסטו? וועגן די טויזנט פלאָרינען, וואָס איך האָב אָנגעקליבן צו געבן האַנסן אַ גוטע דערציִונג? דו האָסט זיי געוויס געמוזט אויסגעבן אין די לאַנגע יאָרן, וואָס עס האָט זיך געצויגן מיין קראַנקייט.

פרוי בריקנער האָט זיך באַגאָסן מיט טרערן. האַנס האָט איר געווונקען, זי זאָל ניט ריידן וועגן דעם געלט. ער האָט מורא געהאַט, אַז דער פאָטער וועט האָבן צו פיל פאַרדרוס, ווען ער וועט זיך דערוויסן, אַז דאָס געלט איז פאַרפאַלן געוואָרן.

ראַף בריקנער האָט באַמערקט, אַז האַנס מאַכט צייכנס דער מוטער, זי זאָל שווייגן. און ער האָט גענומען פאָדערן, מע זאָל אים דערציילן דעם אמת. וואַטער פאַרבאַהאַלטן פון פאָטער, אַז מע האָט דאָס געלט ניט געפונען, האָט שוין קיין זין ניט געהאַט.

ראַף בריקנער האָט זיך פאַרטראַכט.

— לאָזט מיך, איך וועל זיך אפשר דערמאָנען, וואָס איך האָב געטאָן מיט די פלאָרינען יענעם טאָג.

— פרוי בריקנער און די קינדער האָבן זייער אָנגעשטרענגט געהערט, און ראַף בריקנער האָט גענומען אין דער הייך איבערקלייבן

אין זיכּרון אַלע געשעענישן פון יענעם שרעקלעכן טאָג. בײַסלעכווײַז האָט ער זיך דערמאָנט, ווי ער האָט זיך אויפגעכאַפּט גאַנץ פרי מיט אַן אומרויִקן געדאַנק, אַז דאָס געלט קען מען אַרויסגנבֿענען. ער איז דאַן אויפגעשטאַנען, איז אַרויס פון שטיבל. אין די אויגן האָט זיך אים געוואָרפן אַן אַלטער בוים, וואָס שטייט בײַם ברעג. ער האָט דאָ אויסגעגראָבן אַ גרוב און האָט פאַרגראָבן דאָס געלט. ווען ער האָט זיך אומגעקערט אין שטיבל, איז נאָך פרוי בריקנער געשלאָפן. ער האָט זי ניט געוואָלט וועקן. ער האָט באַשלאָסן, אַז ער וועט איר דערציילן וועגן דעם און ווײַזן דאָס אָרט שפּעטער, ווען זי וועט זיך אויפכאַפּן. ער האָט דאָס אָבער ניט באַוויזן צו טאָן: מע האָט אים אַרויסגערופן צו דער דאַמבע. און נאָך דעם האָט פּאַסירט מיט אים דאָס אומגליק.

פרוי בריקנער און האַנס האָבן אים אויפמערקזאַם אויסגעהערט.

— פאָטער — האָט האַנס געזאָגט — ווען דו וועסט ווערן שטאַרקער, וועסטו אונדז ווײַזן דאָס אָרט, און מיר וועלן פּרובירן אויסגראָבן דאָס געלט.

ראָף בריקנער איז שוין געווען גאָר מיד. ער איז באַלד אײַנגעשלאָפן.

גרעטעל האָט זיך אויך געלייגט.

אין שטיבל איז געוואָרן גאָר שטיל.

האַנס און פרוי בריקנער האָבן ניט געקענט אײַנשלאָפן.

אָן ווערטער האָבן זיי פאַרשטאַנען איינער דעם אַנדערן.

זיי זײַנען ביידע אַרויס פון שטיבל. האַנס האָט גענומען די אַלטע לאָפּעטע. זיי זײַנען צוגעגאַנגען צום אַלטן בוים, און האַנס האָט אָנגעהויבן גראָבן. די ערד איז געווען אײַנגעפרוירן און די לאָפּעטע האָט די ערד ניט גענומען. אָבער האַנס האָט אָנגעשטרענגט אַלע זײַנע כּוחות. ער האָט אויסגעגראָבן אַ טיפע גרוב. אָבער זיי האָבן קיין זאַך ניט געפונען. ביידע זײַנען געווען טויט מיד. אַוועקגעלייגט די אַרבעט האָבן זיי נאָר דאַן, ווען ס'האָט גענומען טאָגן.

טרויעריקע און מידע האָבן זיי זיך אומגעקערט אין שטיבל מיט ליידיקע הענט.

---

# האנס זוכט ארבעט.

אניע באומאן האט זיך אויף גליטשערס אומגעקערט פון אמסטערדאם אהיים קיין בריאק.

— גוט מארגן, באומאן! — האט זי דערהערט אן אנגענעמע שטים. אניע האט אויפגעהויבן דעם קאפ און דערזען האנסן.

— גוט מארגן, גוט מארגן, האנס! — האט אניע געענטפערט: — איך האב אייך שוין לאנג ניט געזען. איך בין אזוי לאנג געװען אין אמסטערדאם ביי מיין קראנקער באבען. װאס הערט זיך ביי אייך, האנס?

— א, אניע — האט האנס געענטפערט — פאר דער צייט, װאס איר זייט דא ניט געװען, האט זיך ביי אונדז פיל געביטן.

און האנס האט דערציילט אניען װעגן דער אפעראציע, װעגן דעם, אז דער פאטער איז שוין געזונט. ער איז נאר זייער שװאך, נייטיקט זיך אין א גוטער פלעגע. ער, האנס, זוכט ארבעט, װייל זיי האבן גארניט פון װאנעט צום לעבן. דערפאר איילט ער זיך קיין אמסטערדאם. ער האפט דארט צו קריגן ארבעט. און אויב ער װעט קיין ארבעט ניט קריגן, װעט ער פארקויפן זיינע גליטשערס.

האט זיך אויף גיך געזעגנט מיט אניען און שוין געװאלט לויפן קיין אמסטערדאם.

ער האט ניט באװיזן אפצולויפן א פאר מעטער, װי אניע האט אים גענומען רופן אויף צוריק:

— אויב איר װילט טאקע פארקויפן אייערע גליטשערס, װייס איך, װער עס װאלט זיי װעלן קויפן — האט אניע געזאגט — האנס, גיט מיר אייערע גליטשערס. איך װעל אייך נאך היינט נאך האלבן טאג ברענגען דאס געלט.

אניע האט צוגענומען די גליטשערס און איז אװעקגעלאפן קיין בריאק.

האנס איז געבליבן א װיילע שטיין און האט װידער אנגעטאן זיינע הילצערנע גליטשערס. ער האט זיך געפילט אין זיי ניט צו גוט. עס האט אים פארדראסן, װאס אין געװעט װעט ער שוין ניט

קענען זיך באַטייליקן. אָבער ער האָט זיך באַלד דערמאָנט אָן קראַנקן פֿאָטער, אָן דער מוטער און ער האָט פֿאַרגעסן אָן געוועט.

אַ גאַנצן טאָג איז האַנס אַרומגעלאָפֿן איבער אַמסטערדאַם. אָבער קיין אַרבעט איז ניט געווען.

מע האָט אים געהייסן קומען אין אַ מאָנאַט אָדער צוויי אַרום, ווען עס וועלן זיך עפֿענען די קאַנאַלן.

האַנס איז אַ טרויעריקער געגאַנגען אַהיים. איין האָפֿענונג איז געבליבן: ער וועט אַרייַנגיין צו פּעטערן, אפֿשר וועט זיין פֿאָטער געפֿינען פֿאַר אים אַרבעט.

פּעטער האָט באַגעגנט האַנסן לעבן טיר פֿון זייער הויז. ער האָט שוין געוואָלט גיין צו האַנסן: זיין פֿאָטער וויל, אַז האַנס זאָל זיך נעמען אויסצירן מיט געשניצטע פֿיגורן זייער וווּנדערלעכן פּאַוויליאָן אין סאָד. ער קען אַרבעטן ביי זיי אין הויז. זיי האָבן אַ צימער, וואָס ער קען מאַכן פֿאַר אַ וואַרשטאַט.

פּעטער האָט פֿאַרשוויגן, אַז ער איז בכיוון געווען אין האַרלעם. ווי זיין פֿאָטער געפֿינט זיך צוליב געשעפֿטן, און האָט ביי אים געבעטן, ער זאָל דורכויס געבן האַנסן אַרבעט.

האַנס האָט אָפּגעמאַכט מיט פּעטערן, אַז ער וועט זיך מאָרגן שטעלן צו דער אַרבעט. ער האָט שוין געוואָלט אַרויסגיין, ווי אין צימער איז אַריין אַ הויכע אויסגעפּוצטע דאַמע מיט זייער אַ פֿריינדלעכן שמייכל אויף די ליפּן. דאָס איז געווען פּעטערס מוטער. זי האָט זיך נאָכגעפֿרעגט ביי האַנסן, וואָס זיין פֿאָטער מאַכט.

האַנס האָט איר דערציילט וועגן דאָקטאָר בעקמאַנען.

—אַלע וווּנדערן זיך—האָט פּעטערס מוטער געזאָגט—וואָס דאָקטאָר בעקמאַן האָט אַרויסגעוויזן אַזוי פֿיל גוטסקייט. אַלע האַלטן אים פֿאַר זייער אַ בייזן מענטשן. איך אָבער וווּנדער זיך ניט—האָט זי צוגעגעבן:

—איך ווייס שוין פֿון לאַנג, אַז דאָקטאָר בעקמאַן האָט אַ גרויס און גוט האַרץ. און אויב ער זעט אויס אַלע מאָל אַזוי, ווי ער וואָלט זיין אין כּעס, איז דאָס דערפֿאַר, וואָס ביי אים האָט זיך געטראָפֿן אַ גרויס אומגליק: ער האָט פֿאַרלאָרן זיין איינציקן זון, זייער אַ שיינעם און אַ געראָטענעם. ביז דעם אומגליק איז דאָקטאָר בעקמאַן געווען דער פֿריינדלעכסטער מענטש אויף דער וועלט.

האַנס האָט דערפֿילט נאָך מער אַכטונג און דאַנקבאַרקייט צום דאָקטאָר.

פֿאַרן אַוועקגיין האָט פּעטער דערמאָנט האַנסן, אַז גאָר אין גיכן וועט שוין פֿאָרקומען דאָס געוועט. האַנס איז רויט געוואָרן.

— איך וועל זיך אין געוועט ניט באטייליקן — האט ער געזאָגט...

פעטער האָט זיך זייער פארוואונדערט. ער האָט אָבער באמערקט האנס' פארלעגנהייט און האָט שוין מער בײַ אים קיין זאך ניט גע-פרעגט.

דורכן פענצטער האָט פעטער באמערקט, אז האנס טוט אָן זײַנע זילבערנע גליטשערס.

דאָס האָט אים נאָך מער פארוואונדערט. ער האָט ניט געקענט פארשטיין פאר וואָס האנס באנוצט זיך ניט מיט זײַנע שטאָלענע גליטשערס.

---

פופצנטער קאפיטל.

## געפונען דאס געלט.

די זון איז אונטערגעגאנגען. האנס איז א צופרידענער צוגע-גאנגען צו זײַן היזל. פון ווײַטן האָט ער באמערקט צוויי געשטאָלטן, וואָס זײַנען ארומגעגאנגען הין און צוריק לעבן דער טיר. איין גע-שטאַלט האָט געטראָגן א גרוי זשאקעטל מיט לאטעס, א בלוי רעקל מיט א קליין און זייער ריין הײַבעלע אויפן קאָפּ און גרויסע שיך אויף קליינע פיס.

ער האָט גלײַך דערקענט, אז דאָס איז גרעטל.

דאָס צווייטע געשטאַלט איז געווען אָנגעטאָן גאָר אַנדערש: א רויט זשאקעטל, א נײַ קליידל, א געפוצטע גרויסע הויב אויפן קאָפּ, אין די אויערן—גאָלדענע אוירינגלעך, א קליין פירצעלע און קליינע שיך פון גוטן לעדער.

דאָס איז געווען אַניע באומאַן.

בײַדע חבֿרטעס האָבן זיך געהאלטן ארום-גענומען און וועגן עפּעס זייער לעבעדיק גערעדט.

— הוראַ הוראַ — האָט האנס זיי באַגריסט פון ווײַטן.—איך האָב געקראָגן פרײַזט!

פרוי ברינקער איז אויך ארויס פון שטיבל.

דער פאָטער האָט הײַנט געהאַט א גוטן טאָג. ער איז ווייניק געלעגן, קיין זאך האָט אים ניט וויי געטאָן און איצטער איז ער רויִק אײַנגעשלאָפן.

אַניע האָט אָפּגערופן האנסן אָן א זײַט און אים דערלאַנגט זײַן פלאָרינען:

—דאָס האָב איך באקומען פאר אײַערע נײַע גליטשערס, אָנס. דער ייִנגל איז געווען איבערראשט:

— איך קען אזוי פיל ניט נעמען — האָט ער געזאָגט — מײַנע גלי־טשערס זײַנען צו פיל ניט װערט.

אַניע האָט אים באַרויִקט, אַז פאַר אַזוי פיל האָט זי פאַרקויפט, און זי קען דאָך ניט טראָגן דאָס געלט צוריק.

פרוי ברינקער האָט זיך דערפרייט מיט די זיבן פּלאַרינען, אָבער, װען זי האָט זיך דערװוּסט, אַז האַנס האָט פאַרקויפט זײַנע נײַע גליטשערס, האָט זי געהאַט פאַרדרוס.

אַניע האָט נאָך לאַנג פאַרבראַכט מיט גרעטלען. בײדע זײַנען זיי געזעסן אויף אַ פּיען פון אַן אָפּגעהאַקטן בוים. דער בוים איז געװען אַן אַלטער און זײַנע ברײטע צװײַגן האָבן פאַרשטעלט די קאַר־טאָפל. דערפאַר האָט פרוי ברינקער צוזאַמען מיט האַנסן נאָך פאַריקן זומער דעם בוים אָפּגעהאַקט.

װען די מײדלעך האָבן זיך אויפגעהויבן פון פּיען און זײַנען אַװעק, איז האַנסן געקומען אין זינען אַ מאָדנער געדאַנק: נעכטן בײַ נאַכט האָט ער מיט דער מוטער געגראָבן אַרום יונגן בוים. גיכער פון אַלץ האָט אָבער דער פאָטער געמוזט באַגראָבן דאָס געלט לעבן דעם אַלטן בוים, װאָס פון אים איז געבליבן ניט מער װי אַ פּיען.

ער איז גיך אַרײַנגעלאָפן אין שטוב, האָט געכאַפּט אַ לאָפּעטע און מיט היץ גענומען גראָבן די ערד אַרום אַלטן פּיען.

גרעטל האָט זיך געװוּנדערט אויף האַנסן, אָבער איר איז קאַלט געװאָרן און זי איז צוריק אין שטיבל אַרײַן.

גראָבנדיק האָט האַנס באַלד אָנגעטאַפּט מיט דער לאָפּעטע אַ ציגל. ער האָט אַרויסגענומען דעם ציגל, דערנאָך — אַ צװײטן, און אונטער אים האָט ער דערזען אַ לײמענעם טעפּל. מיט אַ ציטערדיקער האַנט האָט ער אַרויסגענומען דאָס טעפּל. אויפן דעק איז געלעגן אַן אַלטע בײַטל און אין בײַטל — די טויזנט פּלאַרינען, װאָס דער פאָטער האָט אָפּגעשפּאָרט פון שװערער פּראַצע.

איר קענט זיך שוין פאָרשטעלן, װי מע האָט זיך געפרײט אין קלײנעם שטיבל.

פרוי ברינקער האָט באַשלאָסן זיך צו דערװיסן בײַ איר קראַנקן מאַן, פון װאַנען ער האָט גענומען דעם גרויסן זײגער. װאָס ער האָט איר דערלאַנגט אין טאָג פון דעם אומגליק און פאַר װאָס ער האָט איר אָנגעזאָגט, זי זאָל דעם זײגער אַזוי היטן.

זי האָט דאָס געטאָן זײער פאָרזיכטיק.

אײן מאָל, װען זי איז געװען אַלײן מיט איר מאַן אין שטיבל, האָט זי אַרויסגענומען פון קאָמאָד דעם זײגער און אים אװעקגעלײגט אויפן טיש.

ראַף ברינקער האָט זיך אַ װײַלע אַזױ װי געשפּילט מיטן זײגער. דערנאָך האָט ער אים צוריק אַװעקגעלײגט אױפן טיש. קענטיק, אַז ער האָט זיך קײן זאַך ניט דערמאָנט.

פרױ ברינקער האָט אױך ניט געפרעגט בײַ אים, װאָס דאָס איז פאַר אַ זײגער.

מיט אַ מאָל האָט ראַף ברינקער אַ צי געטאָן דעם זײגער צו זיך, װי ער װאָלט זיך עפּעס דערמאָנט.

פרױ ברינקער האָט זיך מער ניט געקענט אײַנהאַלטן.

— ראַף, — האָט זי זיך אָפּגערופן — דו האָסט מיר אַ מאָל דערלאַנגט דעם זײגער און פאַרזאָגט, אַז איך זאָל אים היטן װי די אױגן אין קאָפּ. נאָך דעם ביסטו אַרױסגעלאָפן פון שטוב, װײַל מע האָט דיך גערופן צו דער דאַמבע. איך האָב דורכגעלעבט צען שװערע יאָרן. עס זײַנען געװען טעג, װען איך האָב ניט געהאַט קײן שטיקל ברױט פאַר די קינדער. אָבער דעם זײגער האָב איך ניט גערירט. זאָג מיר, װאָס איז דאָס פאַר אַ זײגער.

ראַף ברינקער האָט זיך פאַרטראַכט.

— דו װײסט, מײַטע? — דער מענטש, װאָס האָט מיר דערלאַנגט דעם זײגער, איז שױן אָפּשר גאָר אױף דער װעלט ניטאָ. פאָרגעקומען איז דאָס אַזױ: צו מיר איז צוגעגאַנגען אַ יונגערמאַן. זײַן פּנים איז געװען װײַער בלײך. קענטיק, אַז ער איז געװען שטאַרק אױפגערעגט, צעטראָגן. ער האָט מיך געבעטן, איך זאָל אים אַריבערפירן אױף דער אַנדערער זײַט. ער מוז אַנטלױפן. בלײַבן דאָ קען ער ניט. ער מוז אױף אַלע מאָל אַנטלױפן פון האָלאַנד, װײַל צוליב אים איז געשטאָרבן אַ מענטש. ער איז אָבער ניט שולדיק. ער האָט יענעמס טױט ניט געװאָלט. װען מיר האָבן זיך צעשײדט, האָט ער מיר דערלאַנגט דעם זײגער און געבעטן, איך זאָל דעם זײגער אין אַ װאָך אַרום אַװעקטראָגן צו זײַן פאָטער. און װען איך װעל אָפּגעבן דעם זײגער, זאָל איך זײַן פאָטער איבערגעבן אַזױנע װערטער זײַנע: „פאָטער, אױב דו ביסט מיר מוחל, שרײַב מיר אַן צװײ װערטער, און איך װעל קומען צוריק. אױב דו װעסט מיר נישט מוחל זײַן, װעל איך זיך צוריק אַהײם שױן קײן מאָל ניט אומקערן.

דער יונגערמאַן האָט אויסגעזען זייער אומגליקלעך. איך האָב אים צוגעזאָגט אויפֿצוזוכן זײַן פֿאָטער און אַלץ איבערגעבן. אָבער איך האָב דאָס ניט באַוויזן צו טאָן. איך האָב דיר דערלאַנגט דעם זייגער, בין אַרויסגעלאָפֿן פֿון שטוב צו דער דאַמבע און בין קראַנק געוואָרן. אַזוי זײַנען אַוועק צען יאָר... און איצט קען איך זיך ניט דער־מאָנען די פֿאַמיליע פֿון זײַן פֿאָטער. דער יונגערמאַן שטייט פֿאַר מײַנע אויגן אַזוי ווי אַ לעבעדיקער. איך וואָלט אים געוויס דערקענט, ווען איך וואָלט אים געטראָפֿן. אָבער זײַן פֿאָטערס נאָמען קען איך זיך ניט דערמאָנען.

ראַף ברינקער איז געוואָרן זייער מיד פֿון דעם דערציילן און דערצו האָט ער נאָך געהאַט פֿאַרדרוס, וואָס ער קען זיך ניט דער־מאָנען יענעמס נאָמען.

פֿרוי ברינקער האָט זיך קוים אײַנגעבעטן בײַ איר מאַן, ער זאָל זיך צוריק לייגן אין בעט.

ראַף ברינקער האָט לאַנג ניט געקענט אײַנשלאָפֿן. ער האָט אַלץ געטראַכט וועגן דעם יונגנמאַן און וועגן זײַן פֿאָטער.

אויפֿן זייגער זײַנען געווען דרײַ אותיות: „ל. י. ב."

אָבער ווער האָט דאָס געקענט זײַן! אוממעגלעך זיך צו דערמאָנען.

גאָר שפּעט איז דער קראַנקער אײַנגעשלאָפֿן.

זעכצנטער קאַפּיטל.

## ווער איז דער יונגערמאַן?

פרוי ברינקער איז געגאַנגען מיט האַנסן קיין אַמסטערדאַם. זיי האָבן געוואָלט פריִער פון אַלץ איינקויפן שפּייז. דעם פאָטער דאַרף מען איצט געבן די בעסטע פלעגע. סאַר אַ גליק דאָס איז, וואָס זיי האָבן געפונען דאָס „ווער-פאַרהאַרעוועטע געלט“!

ווען זיי האָבן זיך אומגעקערט אַהיים, האָט זיך גרעטעל שוין געהאַט אַרומגעטאָן — אַלץ איז געווען אויפגעראַמט, צעוואַשן, דער אויוון אויסגעהייצט.

ראַף ברינקער איז אויפגעשטאַנען פון בעט און האָט זיך גע-פּרוּווט דורכגיין איבערן שטיבל.

גרעטעל איז געווען אַזוי גליקלעך. זי האָט אָנגעהויבן זינגען פון פרייד, און דער פאָטער האָט איר אונטערגעהאָלפן, גאָר ווי אַ מאָל.

ווען זיי האָבן זיך אַלע געזעצט צום טיש, האָט מען אָנגעקלאַפּט אין טיר.

דאָס איז געווען דאָקטאָר בעקמאַן.

— אָ, —האָט ער געזאָגט—איך זע, דער קראַנקער פילט זיך אַזוי גוט, אַז ער נייטיקט זיך שוין מער ניט אין מיר.

פרוי ברינקער און האַנס האָבן גענומען בעטן דעם דאָקטאָר, ער זאָל אַזוי גיך ניט אַוועקגיין, ער זאָל הײַנט זײַן זייער גאַסט. ער האָט געהאַט פון זיי אַזוי פיל צער, זאָל ער איצט אויך וויסן וועגן זייער פרייד.

און פרוי ברינקער האָט אויסדערציילט וועגן די טויזנט פלאָ-רינען, וואָס זײַנען צען יאָר אָפּגעלעגן אין דער ערד.

ראַף ברינקער האָט געוואָלט באַצאָלן דעם דאָקטאָר פאַר דער אָפּעראַציע. אָבער דאָקטאָר בעקמאַן האָט זיך אָפּגעזאָגט צו נעמען געלט.

— ניין, —האָט ער געזאָגט—איך דאַרף ניט קיין געלט. איך באַקום אָפט געלט פון מײַנע קראַנקע. מיר איז אָבער דאַנק טײַערער ווי געלט. איך וועל קיין מאָל ניט פאַרגעסן, ווי האַנס האָט מיך אָפּגע-שטעלט אויפן אײַז און געבעטן, איך זאָל העלפן זײַן קראַנקן פאָטער

איך בין אַזוי גליקלעך, וואָס איך האָב געקענט העלפן. און קיין געלט דאַרף איך ניט. גלייבט מיר. זאָל דאָס געלט בלייבן בײַ אײַך.

— דאָקטאָר — האָט אים מיט אַ מאָל געפרעגט פרוי ברינקער — איר האָט אַ זון?

דאָקטאָר בעקמאַן איז אומעטיק געוואָרן. זײַן פּנים איז ווידער געוואָרן בייז, די אויגן שטרענג.

אַלע האָבן פאַרשטאַנען, אַז פרוי ברינקער האָט עפּעס אָנגערירט אַזוינס, וועגן וואָס מע האָט ניט געטאָרט ריידן. אַלע זײַנען געבליבן זיצן ווי פאַרלאָרענע. דער ערשטער איז געקומען צו זיך ראָף ברינקער.

— דאָקטאָר — האָט ער געזאָגט — האָט ניט קיין פאַראיבל אויף מײַן פרוי, וואָס זי האָט אײַך געפרעגט, צי איר האָט אַ זון. שוין עטלעכע טעג, ווי מיר בײדע מאַטערן זיך, וואָס איך קען זיך ניט דערמאָנען דעם נאָמ[illegible]ין אַ יונגן מאַן, וואָס האָט מיט צען יאָר צוריק מיר איבער[illegible] זייגער און געבעטן, איך זאָל דאָס איבערגעבן זײַן פאָטער. [illegible] טרענג ניט אָן מײַן זכּרון, קען איך דעם נאָמען זיך ניט דערמאָנען.

און ריידנדיק אַזוי האָט ראָף ברינקער אַרויסגענומען דעם זייגער און דערלאַנגט דעם דאָקטאָר.

ווי נאָר דער דאָקטאָר האָט אַרײַנגענומען דעם זייגער אין האַנט, האָט ער גענומען ציטערן. אין די אויגן האָבן זיך בײַ אים באַוויזן טרערן.

— דאָס איז דאָך מײַן זונס זייגער! — האָט דאָקטאָר בעקמאַן אויסגעשריִען — לאָראַן! מײַן ליבער לאָראַן, ווו ביסטו? שוין צען יאָר ווי איך ווייס ניט, וווּהין דו ביסט אַנטלאָפן!

— ליבער פרײַנד מײַנער, ראָף ברינקער, פרוווט זיך דערמאָנען, אין וועלכער שטאָט האָט מײַן זון אײַך געזאָגט. איך זאָל אים שרײַבן.

ראָף ברינקער האָט זיך אָבער ניט געקענט דערמאָנען.

— דאָקטאָר — האָט זיך אויסגערופן האַנס — איך וועל געפינען אײַער זון. שיקט מיר, וווּהין איר ווילט. קיין זאַך וועט מיר ניט זײַן צו שווער פאַר אײַך צו טאָן!

— איך מוז אײַך דערציילן — האָט געזאָגט דאָקטאָר בעקמאַן — וואָס מיט מײַן זון האָט פּאַסירט. פאַר וואָס ער איז אַנטלאָפן. ער איז טאַקע אין גאַנצן אומשולדיק. איך מוז אײַך אַלץ דערציילן. לאָראַן האָט זיך אויך געלערנט צו זײַן אַ דאָקטאָר. ער האָט זיך געלערנט בײַ מיר. איין מאָל האָב איך אים געהייסן צוגרייטן רפואות פאַר אַ קראַנקן. ער האָט געהאַט אַ טעות, האָט גענומען ניט דאָס, וואָס

איך האָב אים געהייסן; און עס האָט זיך באַקומען זייער אַ געפּערלעכער מיטל. דער קראַנקער וואָלט דערפון געקענט שטאַרבן. צום גליק האָט מײַן זון צוגעשיקט די רפואות, ווען איך אַליין בין געזעסן לעבן קראַנקן. איך האָב זיך אײַנגעקוקט אויף די רפואות, האָב באַמערקט דעם פעלער און האָב עס דעם קראַנקן ניט געגעבן. איך בין אָפּגעזעסן בײַם קראַנקן אַ גאַנצע נאַכט. העלפן האָב איך אים ניט געקענט. ער איז געשטאָרבן. דערווײַלע האָט זיך מײַן זון אין דער היים גע־כאַפּט, אַז ער האָט געמאַכט אַ פעלער. ער האָט געוווּסט, אַז דער קראַנקער איז געשטאָרבן. ער האָט אָבער ניט געוווּסט, אַז דער קראַנקער האָט די רפואות אפילו גיט אָנגעזען און איז געשטאָרבן פון זײַן שווערער קראַנקייט. ער האָט באַשלאָסן, אַז ער האָט פאַרסמט דעם קראַנקן. דאָס האָט אים אַזוי געמאַטערט, אַז ער איז אַנטלאָפן און האָט זיך מיט מיר אפילו ניט געזעגנט. איך האָב אים ביז הײַנטיקן טאָג ניט געקענט מוחל זײַן, וואָס ער איז אַוועק און האָט מיך געלאָזן אַליין. האָט זיך אפילו ניט דערמאָנט אָן מיר. איצטער זע איך, אַז ער האָט יע געטראַכט וועגן מיר, אַז ער האָט אפילו אָנגעזאָגט דורך ראַף ברינקערן, איך זאָל אים שרײַבן. דאָס איז אַ גרויסע טרייסט פאַר מיר.

—איצט וועל איך אײַך פאַרלאָזן, מײַנע פרײַנד—האָט דאָקטאָר בעקמאַן געזאָגט—אַ גוטע נאַכט! איך וויל האָפן, אַז ראַף ברינקער וועט זיך נאָך דערמאָנען, וואָס מײַן זון האָט אים אָנגעזאָגט, און איך וועל נאָך מײַן זון געפינען.

דאָקטאָר בעקמאַן איז אַרויס. האַנס האָט אים באַגלייט ביז דער טיר.

— דאָקטאָר — האָט האַנס געזאָגט — איך וואָלט מײַן לעבן אָפּ־געגעבן, כּדי צו געפינען אײַער זון.

— איך גלויב דיר, מײַן קינד — האָט דאָקטאָר בעקמאַן געענט־פערט און איז אַװעק אַרויס פון שטיבל.

---

# דאס געװעט

עס איז שוין אָנגעקומען דער 20טער דעצעמבער. די זון האָט געלויכטן. אירע שטראַלן האָבן געוואַרעמט דעם איַז, אָבער ער איז נאָך אַלץ געװען זייער שטאַרק און דיק. די לופט איז געװען שטיל. די ווינטפּאַנעס האָבן זיך ניט גערירט. די פליגלען פון די ווינטמילן זיַנען אַזוי ווי פאַרגליווערט געוואָרן אין דער דינער דורכזיכטיקער לופט.

קײנער האָט ניט געמאָלן, ניט געפּרעסט, ניט געזעגט. די מילנער האָבן זיך גערוט. שוין פּאַר האַלבן טאָג האָבן זיי געזען, אַז הײַנט וועלן די מילן ניט אַרבעטן. דערפאַר זיַנען די מילנער אויך געגאַנגען זען דאָס געװעט אויף גליטשערס.

פרויען, מענער און קינדער, יום־טובדיק אָנגעטאָן, האָבן זיך פאַרזאַמלט אויפן קאַנאַל.

פאַרן געװעט האָט מען אויסגעקליבן זייער א גלײַכן [illegible] ניט ווײַט פון אַמסטערדאַם. דער איַז איז דאָ געװען גלאַט ווי [illegible]שפּיגל.

פון איין זיַיט אויף א העכערן אָרט האָט מען אויסגעז[illegible] שיינע פּאַוויליאָנען מיט בענק. זיי זיַנען געװען פאַרפּוצט מיט פ[illegible]

אין איין פּאַוויליאָן זיצט די גאַנצע פאַמיליע װאַנגלעק

איר געדענקט דאָך, אַז הילדעס פאַמיליע־נאָמען איז געװען װאַנגלעק. הײַנט איז איר מוטערס געבורטסטאָג. פרוי װאַנגלעק װעט דאָס געבן דעם פּריז — זילבערנע גליטשערס.

מוזיקאַנטן זיַנען אויך דאָ. זיי הייבן אָן צו שפּילן.

20 יונגע מיידלעך און אַזוי פיל יונגעלײַט װעלן זיך באַלד פאַרװעטן, װער עס גליטשט זיך בעסער. אַלע זיַנען זיי פריילעך, אויפגערעגט. זיי פּרוּװן אויס זייערע גליטשערס, בינדן שטאַרקער צו די רימענדלעך אויף די פיס. זיי זיַנען אומגעדולדיק, קענען ניט אָפּשטיין אויף אָן אָרט.

אָט הײַסן זיך צוויי סלופּעס. פון דאַנען װעט זיך אָנהייבן דאָס געװעט. און לויפן װעט מען צו די צוויי הויכע שטאַנגען מיט פאָנעס. װאָס זעען זיך פון װײַטן.

אין דער יונגער קאָמפּאַניע טרעפן מיר אַלע גוטע באַקאַנטע אונדזערע. אָט איז דער ענגלענדער בען, זײַן שוועסטערקינד פּאָאָט, אונדזער יונגער קאַפּיטאַן פּעטער מיט זײַן ברודער און די איבעריקע. קאַרל איז אויך דאָ צווישן זיי. ער דערזעט האַנסן און קען ניט באַהאַלטן זײַן כּעס.

און אין דער קאָמפּאַניע מיידלעך דערקענען מיר קאַטרינקען, רישי קאַרבעס, אַניען. אָט איז הילדע. זי שטייט לעבן אַ קלײנער בײדל אין אַ רויטן זשאַקעטל און אין אַ נײַער קלייד. דאָס איז דאָך אונדזער גרעטעל. מע האָט איר דאָס אויפגעגעבן צום געווער. זי איז לײַכט און פלינק, האַלט זיך אָבער אַ ביסל אָן אַ זײַט פון די איבעריקע.

פריִער דאַרפן לויפן די מיידלעך, דערנאָך—די ייִנגלעך. צוויי מאָל מוז מען צולויפן צום ציל און זיך אומקערן צוריק.

פרוי וואַנגלעק הייבט זיך אויף. זי דאַרף דאָס געבן דעם סיגנאַל. זי גיט אַ פּאָך מיט אַ ווײַסן טיכל און די מיידלעך נעמען לויפן אויף זייערע גליטשערס. דער גרויסער עולם צוקוקער ווערט אָנטשוויגן. קיינער קען ניט אָפּרײַסן די אויגן פון די קינדער. וואָס לויפן. פינף פון זיי זײַנען שוין אַ שטיק פאָרויס. אָבער ווער איז דאָס?

איינע איז שוין צוגעלאָפן צום ציל און לויפט צוריק אַנטקעגן די איבעריקע. זי לויפט אַזוי געשווינט, אַז עס שווינדלט איז די אויגן—עס זעט זיך מער ניט ווי אַ רויטער פלעק.

אָט לויפט שוין אַ צווייטע אויף צוריק—אַ בלויער פלעק.
נאָך ווײַטער — אַ געלער פלעק
מע שרײַט, מע פּאַטשט בראַוואָ.

אָט איז קאַטרינקע פאָרויס, אָבער באַלד יאָגט איר אַריבער הילדע. זי טראָגט זיך ווי אַ ווינטל פאַרבײַ איר מוטערס פּאַוויליאָן און באַגריסט זיך מיט אַן אויפגעהויבענער האַנט.

אָבער וואָס איז דאָס פאַר אַ רויטער פלעק, אַזוי ווי אַ פלאַם?— דאָס איז גרעטעל. זי באַגריסט זיך אויך. אָבער מיט וועמען? מיט איר פאָטער, וואָס איז אויך געקומען אויפן קאַנאַל.

קאַטרינקע יאָגט ווידער אַריבער הילדען. זי יאָגט אַריבער נאָך עטלעכע מיידלעך, אָבער זי קען ניט אַריבעריאָגן גרעטלען. אַלע זײַנען אויפגערעגט. גרעטעל ווײַזט אויס אין איר רויטן זשאַקעטל ווי אַ רויטער מאָן. אַלע וווּנדערן זיך אויף איר, שרײַען צו איר, גיבן איר צו מוט. זי קומט אָן די ערשטע.

הויך שרײַט מען אויס איר נאָמען.

באַלד דאַרפן לויפן די ייִנגלעך. גרעטלען האָט מען אַרומגערינגלט פון אַלע זײַטן. מע גיט איר אַ מזל טוב.

מע פּאַכעט ווידער מיט אַ ווײַסן טיכל. מע בלאָזט אין אַ האָרן.
די יינגלעך לויפן שוין. סאַר אַ וואונדערלעך בילד! ווי פלינק זיי טראָגן זיך! פריִער לויפן זיי אַלע צוזאַמען.

אָט הייבן שוין אנדערע אָן אָפּצושטיין. דער ערשטער — יאַקאָב פּאָאָט. ער גייט ארויס פון געטעס. אָט זײַנען דרײַ ווײַט פאָרויס. ווער איז דאָס? מיר דערקענען בענען, האַנסן און פעטערן. אָבער איינער פון זיי איז אַרויסגעלאָפן פאָרויס. דאָס איז האַנס.

בײַ הילדען שטעלן זיך טרערן אין די אויגן. איר ווילט זיך, אַז פעטער זאָל געווינען. דערפאַר אָבער שטראַלן מיט גליק אַניעס אויגן. זי פרייט זיך, וואָס האַנס איז דער. אָבער באַלד יאָגט זיי ביידן אַריבער קאַרל. קאַרל האָט געזיגט אין ערשטן לויף.

איצט דאַרפן צום צווייטן מאָל לויפן די מיידלעך. הילדע און קאַטרינקע זײַנען פאָרויס. גרעטל אין ריש שטייען אָפּ. וואָס איז מיט גרעטלען? אונדז דוכט זיך, אַז זי וויל ניט אַריבעריאָגן די איבעריקע. הילדע געווינט אין צווייטן לויף. ווידער פּרײַלעכע אויסגעשרייען. מע פּאַטשט בראַוואָ.

גרעטעל און אַניע פרייען זיך מיט הילדעס דערפאָלג. רישי און קאַטרינקע זײַנען אומעטיק.

אַכצנטער קאַפּיטל.

## דאָס געוועט געדויערט נאָך.

די מוזיק שפילט. די פאָנעס פלאַטערן. ווידער לויפן די יינגלעך. דער ערשטער איז נאָך דערווייל קאַרל. האַנס און פעטער זײַנען שוין באַלד לעבן אים. פעטער יאָגט אים אַריבער און קומט דער ערשטער צום ציל.

איצט לויפן ווידער די מיידלעך. גרעטעל איז אַזוי ווי אַ פייגעלע. דער פאָטער וועט דאָך זײַן אַזוי גליקלעך, אויב זי וועט געווינען דעם פּריז. זי מוז אים דערפרייען. אָט טראָגט זי זיך. אַלע פּאַטשן, שרײַען. זי קען זיך ניט אָפּהאַלטן. זי איז שוין אויף פופציק טריט ווײַטער פון ציל. גרעטעל איז די זיגערין. איר ווילט זיך גיכער אַנטלויפן צום פאָטער און צו דער מוטער. אָבער אַלע מיידלעך רינגלען זי אַרום. האַנס גייט אויך צו. ער איז שטאָלץ מיט זײַן שוועסטער.

באַלד לויפן ווידער די יינגלעך. האַנס באַמערקט, אַז פעטער איז זייער צעטראָגן. בײַ אים האָט זיך צעריסן אַ רימענדל פון די גליטשערס. האַנס פאַרטראַכט זיך ניט, נעמט אַראָפּ אַ רימענדל פון

זײַנע גליטשערס און דערלאַנגט פּעטערן. פּעטער װיל ניט נעמען. האַנס בעט זיך בײַ אים. ער איז אַזױ גליקלעך מיט זײַן שװעסטערס זיג, אַז ער װיל שױן מער ניט לױפֿן. ער גײט אַרױס פֿון געװעט. ער װיל, אַז פּעטער זאָל געװינען.

מע לױפֿט. האַנס שטײט אָן אַ זײַט. ער באַגלײט פּעטערן מיט די אױגן. ער ציטערט, טאָמער יאָגט אים אַריבער קאַרל אָדער בען. אָבער פֿאַר פּעטערן איז זיך ניטאָ װאָס צו שרעקן. ער דערלױפֿט דער ערשטער.

פּעטער און גרעטעל זײַנען די העלדן פֿון געװעט.

די מוזיק שפּילט אױף אַ מאַרש. אַלע, װאָס האָבן זיך באַטײליקט אין געװעט, נעמען זיך פֿאַר די הענט און טאַנצן. דערנאָך מאַרשירן זײ צו דעם פּאַװיליאָן, װוּ עס זיצט פֿרױ װאַנגלעק. זי הײבט זיך אױף און דערלאַנגט גרעטלען און פּעטערן זילבערנע גליטשערס. בײַ גרעטלען פֿאַרדרײט זיך דער קאָפּ פֿון גליק. זי באַװײַזט זיך קױם צו פֿאַרנײַגן פֿאַר פֿרױ װאַנגלעק און לױפֿט אױף גיך זוכן דעם פֿאָטער און די מוטער.

איר קענט זיך שױן פֿאָרשטעלן, װי גליקלעך מע איז געװען אין קלײנעם שטיבל. ראַף ברינקער האָט זיך אַפֿילו דורכגעטאַנצט. אין מיטן טאַנץ האָט ער אַ פּאַטש געטאָן מיט די הענט און אַ געשרײ געטאָן:

— איך האָב זיך דערמאָנט. איך װײס שױן, צו װעמען דעם דאָקטאָרס זון האָט געבעטן דער פֿאָטער זאָל שרײַבן! טאַמאַס גיגס איז דער נאָמען! האַנס, פֿאַרשרײַב גיכער, איך זאָל װידער ניט פֿאַרגעסן. מע האָט אָנגעקלאַפּט אין טיר. דאָס איז געװען פּעטער מיט צװײ חברים זײַנע. ער האָט אָפּגעבראַכט האַנסן זײַן רימען. ער װיל אים באַדאַנקען. װען האַנס גיט אים ניט אַװעק זײַן רימען, װאָלט ער, פּעטער, ניט געװוּנען די זילבערנע גליטשערס. און אין דער אמתן װײס ער גאָרניט, װי צו אים קומען די גליטשערס. אים דוכט זיך, אַז האַנס האָט זיך אָפּגעזאָגט פֿון געװעט, כּדי ער, פּעטער, זאָל געװינען דעם פּריז.

האַנס פֿאַרזיכערט אים, אַז ער איז אַרױס פֿון געװעט, װײַל ער איז געװען מיד און האָט מער שױן ניט געקענט לױפֿן.

דערװײַלע האָט פּעטער דערלאַנגט גרעטלען אַ פּאַקעט.

דאָס איז געװען דאָס שײנע שאַכטל פֿון די גליטשערס.

גרעטעל איז אַזױ גיך אַנטלאָפֿן, אַז פֿרױ װאַנגלעק האָט איר צים באַװיזן צו דערלאַנגען דאָס שאַכטל.

גרעטעל האָט באַדאַנקט פעטערן און געוויזן דאָס שאַכטל דעם פאָטער.

קוקנדיק אויף דעם שיינעם שאַכטל, האָט ראַף ברינקער באַמערקט, אַז אויף אים איז געווען אויסגעקריצט דער נאָמען פון דער פאַבריק, וווּ מע האָט די גליטשערס געמאַכט. די אויפשריפט איז געווען אין ענגליש. אַזוי ווי ער האָט עס אַזוי גיך ניט געקענט איבערלייענען, האָט פעטער גענומען דאָס שאַכטל און האָט הויך איבערגעלייענט:

— פאַבריק פון טאָמאַס גיגס אין בירמינגאַם.

— וווּ איז דאָס בירמינגאַם? — האָט ראַף ברינקער איבערגעפרעגט.

— אַ שטאָט אין ענגלאַנד — האָט זיך פעטער אָפּגערופן.

וואָס איז מיט אַ מאָל געוואָרן מיט ראַף ברינקערן? ער האָט גענומען שרייען:

— האַנס, מיין זון, לויף וואָס גיכער קיין אַמסטערדאַם צום דאָקטאָר! דאָס איז דער אַדרעס, וואָס איך האָב פאַרגעסן!

האַנס האָט אַרויפגעכאַפּט אויף זיך דעם מאַנטל און געהאַלטן לויפן, ניט זאָגנדיק אַפילו קיין גוטע נאַכט צו זיינע געסט, וואָס זיינען געבליבן שטיין זייער פאַרוווּנדערט.

דער ערשטער איז געקומען צו זיך ראַף ברינקער.

— אַנטשולדיקט אונדז — האָט ער זיך אָפּגערופן צו די יונגע לייט: — טאָמאַס גיגס איז אונדזערער אַ גוטער פריינד. מיר האָבן געמיינט, אַז ער איז שוין לאַנג טויט. דערפאַר זיינען מיר געוואָרן אַזוי אויפגערעגט. ווען מיר האָבן דערזען זיין נאָמען אויף דעם שאַכטל פון די זילבערנע גליטשערס.

גוט, וואָס צווישן די יונגע געסט איז געווען בען, דער יינגל פון ענגלאַנד. ער האָט באַרויִקט ראַף ברינקערן. ער קען טאָמאַס גיגסן. אַלע קענען אים אין בירמינגאַם. ער איז זייער אַ פיינער מאַן, ווייזט אויס, ער איז ניט קיין ענגלענדער, אָבער קיינער ווייס ניט, פון וואַנען ער איז, ווייל ער רעדט קיין מאָל ניט וועגן דעם. אַך איבערהויפּט האָט ער אַ נאָמען פון אַ מאָדנעם מענטשן. שטענדיק איז ער אַליין און זיין שיין פּנים איז אַלע מאָל אַזוי טרויעריק.

ראַף ברינקער האָט ניט געקענט קומען צו זיך. ער האָט געציטערט מיט אַלע גלידער פון פרייד.

האַנס איז אַוועקגעלאָפן קיין אַמסטערדאַם.

די יונגע לייט האָבן זיך געזעגנט און זיינען אוועק אַוועק.

דעם זעלביקן אָוונט איז נאָך געקומען צו פאָרן בעקמאַן מיט האַנסן. עטלעכע מאָל האָט מען אים געמוזט דערציילן, וואָס בען האָט געזאָגט וועגן זײַן זון, וואָס האָט זיך געגעבן דעם נאָמען „טאָמאַס גיגס".

פאַרן דאָקטאָר איז דאָס געווען דער גליקלעכסטער טאָג אין זײַן לעבן.

נײַנצנטער קאַפּיטל.

## די ליכטיקע זון פון גליק.

לאָמיר זיך אַריבערטראָגן אין דער ענגלישער שטאָט בירמינגאַם, וווּ עס וווינט דעם דאָקטאָר בעקמאַנס איינציקער זון לאַראַן.

שוין צען יאָר, ווי ער איז אַנטלאָפן פון האָלאַנד.

— ער מיינט, אַז ער האָט פאַרסמט אַ מענטשן מיט זײַנע רפואות און ער איז שטענדיק טרויעריק.

ער האָט זיך דאָ געגעבן אַן אַנדער נאָמען; ער הייסט דאָ ניט לאַראַן בעקמאַן, נאָר טאָמאַס גיגס.

געוויס איז ער שולדיק, ווײַל אויב ניט, וואָלט דאָך זײַן פאָטער אים אָנגעשריבן און וואָלט אים געבעטן זיך אומקערן קיין האָלאַנד. דער פאָטער ווייס דאָך זײַן אַדרעס. ער האָט דאָך אים געשיקט דעם זייגער און דעם אַדרעס דורך אַן ערלעכן מאַן — דורך אַ וועכטער פון אַ דאַמבע.

לאַראַן האָט ניט געקענט וויסן, אַז מיט דעם וועכטער (איר ווייסט דאָך, אַז דאָס איז געווען ראַף ברינקער) האָט פּאַסירט אַן אומגליק, אַז ער האָט שוין ניט געקענט קיין זאַך איבערגעבן זײַן פאָטער, דעם דאָקטאָר בעקמאַן.

לאַראַן האָט פאַרבראַכט צען טרויעריקע יאָרן אין ענגלאַנד.

איין מאָל אין אַ ווינטערדיקן אָוונט האָט מען אים געבראַכט אַ בריוו פון פּאָסט.

ער האָט איבערגעלייענט דעם בריוו און איז בלייך געוואָרן.

נאָך דעם זעלביקן אָוונט איז ער אַוועקגעפאָרן צו זײַן פאָטער קיין האָלאַנד.

דאָקטאָר בעקמאַן איז ווידער געוואָרן גוט און פרײַנדלעך צו אַלעמען, ווי ער איז געווען פאַר זײַן גרויסן אומגליק.

איר ווילט דאָך געוויס וויסן, וואָס עס איז געוואָרן מיט האַנסן, מיט גרעטלען און מיט זייערע עלטערן?

אלע וזינען זיי אין אמסטערדאם. זיי האָבן ליב צו קומען אַ מאָל קיין בריאַק, צו דעם קליינעם שטיבל, וווּ זיי האָבן אַזוי פיל אַריבער־געלעבט.

לאָראַן בעקמאַן אָדער טאָמאַס גיגס, ווי ער האָט זיך אַ נאָמען געגעבן, האָט אַריבערגעפירט זײַן פאַבריק קיין האָלאַנד און ראַף ברינקער אַרבעט בײַ אים.

האַנס איז געוואָרן אַ דאָקטאָר.

דער אַלטער דאָקטאָר בעקמאַן קען זיך ניט אָנפרייען מיט אים.

ער האַלט האַנסן פאַר אַ גרויסן כירורג און גיט אים איבער די שווערסטע אָפּעראַציעס.

האַנס האָט ניט פאַרגעסן די שווערע טעג פון זײַן יוגנט. ער האַלט זיך ניט גרויס און איז זייער באַליבט פון זײַנע פּאַציענטן, איבער־הויפּט פון אָרעמע לײַט. ער האָט חתונה געהאַט מיט אַניע באָומאַן און זיי זײַנען ביידע זייער גליקלעך.

גרעטלען האַלט איר ניט דערקענען. זי איז אַזוי שיין אויסגע־וואַקסן. זי איז אַ באַוווּסטע זינגערין. האָט אויך חתונה געהאַט און לעבט אין גרויס פרײַנדשאַפט מיט איר מאַן.

די זילבערנע גליטשערס האַלט זי זייער טײַער — ווי אַן אָנדענק פון אירע קינדערשע יאָרן.

---

# אינהאַלט:



---

# װיכטיקע נײַס אין דער ייִדישער קינדער־ליטעראַטור

אין פֿאַרלאַג „גרינינקע ביימעלעך", רעדאַקטירט פֿון ש. באַסטאָמסקי,
זײַנען דערשינען פֿאָלגנדיקע באַרימטע ביכער פֿאַר קינדער:

1. מיני און מאָני—דער עסקימאָסישער צווילינג (אילוסטרירט)
2. די קליינע האָלענדער
3. די געוואַגטע – קינדער פֿון דער שטיינצײַט

אַלע דרײַ ביכער—פֿון דער באַרימטער ענגלישער קינדער־שרײַבערין ליוסי פֿיטש־פּערקינס, איבערגעזעצט פֿון העלענע כאַצקעלס.

4. די זילבערנע גליטשערס
לויט סטאָל, ייִדיש – העלענע כאַצקעלס.

אין גיכן דערשײַנען אין דער איבערזעצונג (פֿון אָריגינאַל) פֿון העלענע כאַצקעלס פֿאָלגנדיקע ביכער פֿאַר קינדער:

5. אָן א היים—שפּאַנענדיקע דערציילונג פֿון העקטאָר מאַלאָ.
6. די פֿליגלען פֿון מוט — פֿון דזשאָרזש זאַנד.
7. וואָס מיט א קליינעם ייִנגל האָט פּאַסירט — איידאַ.
8. דער קליינער לאָרד — פֿון פ. בערנעט.
9. קעק—דער קליינער עסקימאָס-פֿון וו. אירווין און וו. סטיפֿענסאָן.
10. די קליינע שווייצערס (לענעלי און סעפּפּי)
פֿון ליוסי פּיטש־פּערקינס.

מיט באַשטעלונגען זיך ווענדן:
S. Bastomski. Ilno. Stefanska 24.